## לעאניד אנדרעיעוו.



# אזוי איז עס געווען.

סקיצע אויס דער

צייט פֿון דער גרויסער רעוואָלוציאָן.





איבערזעצט פֿון א. פרומקין.



פֿערלאַג „אַרבייטער פֿריינד",

לאנדאן, 1908.

# אזוי איז עס געוועןֿ.

-Sam Zeluiz

I.

אין מיטען אויף אַ פּלאַץ איז געשטאַנען אַ ריעזיגער, שוואַרצער טהורם מיט דיקע פֿעסטונגס-מויערן און וויינינ פֿענסטער, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי שיס-לעכער. דאָס האָבען איהם רויב-ריטער אַמאָל אויפֿגעבויט, נאָר די צייט האָט איבער זיי אַריבערגעשפּאַנט, און דער טהורם האָט אַצונד גערינט טהייל-ווייז אַלס טורמע פֿאַר געפֿעהרליכע און שווערע פֿערברעכער און טהיילווייז פֿאַר קוואַרטירען צום וואוינען. אַלע הונדערט יאָהר זיינען צוגעבויט געוואָרען נייע טהיילען, מען האָט זיי אָנגעשלאָסען האַרט ביי דער דיקער מויער, וואָס אַרום טהורם. ביסלאַכווייז איז אויף אַזאַ'ן אופן געוואָרען אַ גאַנץ שטעדטעל, וואָס איז געוועזן אַזוי ווי צוגעקלעפּט צום פֿעלז און האָט געביל־דעט אַן אונרעגעלמעסיגען וואַלד פֿון קוימענס, טהורמלאַך און שפּיציגע דערנער. ווען דער גרינליכער הימעל האָט אָבגעגלאַנצט אין מערב זייט, און אין די פֿענסטער דאָ און דאָרט, אויבען און אונטען, האָבען זיך בעוויזען ליכט, דאַן האָבען די שוואַרצע מויערן אָנגענומען וואונדערליכע, פֿאַנטאַסטישע בילדער, און ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי אונטען, ביי זיי צופֿוסען, וואָלט זיך ניט אויסגעשפּרייט די געוועהנליכע גאַס, נאָר דער ים, דער גרענצענלאָזער געזאַלצענער וואַסער-שטראָם.

און מען פֿלעגט זיך דאַן דערמאָנען אָן אַלטע צייטען, אָן שוין לאַנג פֿערגעסענע און פֿערגאַנגענע זאַכען. אויף'ן טהורם האָט זיך געפֿונען אַ ריעזען-גרויסער אַלטער זייגער, וועלכען מען

האָט אַרויסגעזעהן פֿון ווייטען און וואָס זיין קונסטפֿולעס געווערק האָט פֿערנומען אַ גאַנצען שטאָק. אויף דעם זייגער האָט אַכטונג געגעבען אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט איין אויג און מחמת דעם האָט ער זעהר בעקוועם געקענט קוקען דורך'ן שפּאַקטיף. צוליעב דעם איז ער געוואָרען אַ זייגער־מאַכער און האָט אַ לאַנגע צייט געאַרבייט ביי קליינע זייגערס, איירער מען האָט איהם אָנגע־טרויט דעם גרויסען. ביי דער דאָזיגער אַרבייט האָט ער זיך געפֿיהלט גאַנץ גוט, און אָפֿט, צי ס'איז נייטיג געווען צי ניט, סיי בייטאָג סיי ביינאַכט, פֿלעגט ער אַרייגעהן אין דעם צימער, וואו די צאָהן־רעדער און די שפּרונדשינעס האָבען זיך לאַנגזאַם בעוועגט און דער אונגעהייער גרויסער אומרוה האָט מיט אַ ברייטען גלייכמעסיגען שוואונג דורכגעשניטען די לופֿט.

ווען דער אומרוה האָט דערגרייכט די סאַמע הויכקייט פֿון זיין שוואונג, האָט דער אַלטער געזאָגט: „אַזוי איז עס געווען!" דער אומרוה איז אַראָבגעפֿאַלען, האָט זיך פֿון דאָס ניי אויפֿגע־הויבען אין דער הויך און דער מאַן מיט איין אויג האָט דערצו געזאָגט: „אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין, אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין." מיט די דאָזיגע ווערטער האָט דער זייגערמאַכער אָבגעגעבען צוריק דעם איינטאָניגען, געהיימ־ניספֿולען גערויש פֿון דעם אומרוה. דורך דעם אַרומגעהן אַרום דעם גרויסען זייגער איז ער געוואָרען אַ פֿילאָזאָף, ווי מען פֿלעגט דעמאָלט זאָגען.

איבער די אַלטע שטאָדט, וואו דער טהורם איז געשטאַנען, און איבער דאָס גאַנצע לאַנד האָט זיך אויפֿגעהויבען איין מאַן, אַ מאָדנער הערשער איבער לאַנד און שטאָדט. די געהיימניספֿולע מאַכט פֿון דעם דאָזיגען איינציגען איבער מיליאָנען איז געווען פונקט אַזוי אַלט ווי די שטאָדט גופא. מען האָט איהם גערופֿען קעניג און ער האָט געטראָגען דעם צונאָמען: דער צוואַנציגסטער, לויט דער צאָהל פֿון זיינע פֿאָרגענגער, וועלכע האָבען געטראָגען

דעם זעלביגען נאָמען, אָבער דאָס האָט גאָרנישט ערקלערט. אָקוראַט אַזוי ווייניג ווי דער אורשפּרונג פֿון דער שטאָדט, איז אויך דער אורשפּרונג פֿון דער דאָזיגער זעלטענער מאַכט ווערען עס איז בעקאַנט געווען; אַזוי ווייט ווי דער מענשליכער זכרון האָט געקענט געהן, האָט מען אין דער פֿערגאַנגענהייט כסדר געזעהן דאָס דאָזיגע מאָדנע בילד פֿון איינעם, וועלכער האָט געוועלטיגט איבער מיליאָנען. הינטער דעם איז געשטאַנען די שטומע פֿערגאַנגענהייט, וואוהין דער מענשליכער זכרון האָט שוין מעהר ניט געקענט דערגרייכען. אָבער אויך זי, די שטומע פֿערגאַנגענהייט, האָט צייטענווייז געעפֿענט דאָס מויל און אַרויסגעשפּיגען אַ שטיין, אַ קליין שערבעל מיט וואָס פֿאַר עס איז בעשריבענעם צייכען, אַ ברעקעל פֿון אַ זייל, אַ ציגעל־שטיין פֿון אַ צושטערטער מויער, און די דאָזיגע סימנים האָבען שוין אויך דערצעהלט פֿון איינעם, וואָס האָט געהערשט איבער מיליאָנען. טיטלען, נעמען און צונעמען האָבען זיך געביטען, אָבער דאָס בילד איז געבליבען אונפֿערענדערט, אונשטערבליך. דער קעניג איז געקומען אויף דער וועלט און געשטאָרבען פּונקט ווי אַנדערע מענשען, אויך אין זיין אויסערליכען אָנבליק, וואָס אַלע האָבען געזעהן, איז ער געווען אַ מענש. נאָר אַז מען האָט בעטראַכט דאָס אונבעגרענעצטע פֿעלד פֿון מאַכט און הערשאַפֿט, וואָס איז געלעגען ביי איהם אין די הענד, האָט מען גיכער געקענט אָננעהמען, אַז ער איז אַ גאָט, בפרט נאָך אַז אפילו גאָט אַליין האָט מען זיך אויך כסדר פֿאָרגעשטעלט ענליך צו אַ מענשען, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מען האָט ניט געקענט פֿערשטעהן זיין בעזונדערע אונבעגרייפֿליכע עקזיסטענץ.

דער צוואַנציגסטער איז געווען קעניג. דאָס האָט געהייסען, ער האָט געקענט אַ מענשען גליקליך און אונגליקליך מאַכען; ער האָט געקענט אַוועקרויבען ביי איהם דאָס פֿערמעגען, דעם געזונד, די פֿרייהייט און זאָגאַר דאָס לעבען; אויף איין וואָרט

זיינס זיינען צעהן טויזענדער מענשען געגאַנגען אין קריעג; כדי צו טויטען אָדער צו שטאַרבען; אין זיין נאָמען האָט מען בע־גאַנגען רעכט און אונרעכט, גוטס און שלעכטס, גרויזאַמקייט און באַרמהאַרציגקייט. זיינע געזעצען זיינען ניט געווען וועניגער בע־פֿעהלענד ווי די געבאָטען פֿון גאָט; ער האָט זיך אָבער אין זיין מאַכט דאָך אונטערשיידעט פֿון גאָט, וואָרים ער האָט זיינע געזעצען שטענדיג געקענט ענדערן, בעת ווען גאָט ענדערט קיינמאָל ניט זיינע געבאָטען. צו וויט צו נאָהענט, ער איז כסדר געשטאַנען איבער'ן לעבען; ווען דער מענש איז געקומען אויף דער וועלט, האָט ער אינאיינעם מיט דער נאַטור, די שטערט און די ביכער אויך געפֿונען דעם קעניג פֿאַר זיך; ווען ער איז געשטאָרבען, האָט ער פֿערלאָזט די נאַטור, די שטע־ט, די בי־כער און אויך דעם קעניג.

די מינדליכע און שריפֿטליכע געשיכטע פֿון'ם לאַנד האָט אָנגעגעבען ביישפּיעלע פֿון גרויסמוטהיגע, גערעכטע און גוטע קעניגע; און כאָטש עס זיינען אויף דער ערד תמיד געווען מענשען, וועלכע זיינען געווען בעסער פֿון זיי, האָט עס פֿונדעסט־וועגען אויסגעוויזען בעגרייפֿליך פֿאַרוואָס די דאָזיגע האָבען גע־הערשט. עפּטער אָבער פֿלעגט זיך מאַכען, אַז דער קעניג איז געווען דער ערגסטער אויף דער ערד, גרויזאַם, אונגערעכט, אָהן וועלכע עס איז טוגענדען און זאַגאַר פֿערריקט, — נאָר אויך דאַן איז ער געבליבען דער מאָדנער איינציגער, וועלכער האָט געהאַט צו שאַפֿען איבער מיליאָנען, און זיין מאַכט איז געוואַקסען אינ־איינעם מיט זיינע פֿערברעכען. אַלע האָבען איהם געהאַסט און פֿערפֿלוכט, נאָר ער האָט פֿונדעסטוועגען געקאָמאַנדעוועט איבער די האַסענדע און פֿלוכענדע; — און די דאָזיגע ווילדע מאַכט איז אַ רעטעניש געוואָרען, און צו דער מורא פֿון'ם מענשען פֿאַר'ן מענשען איז נאָך צוגעקומען דער געהיימער שרעק פֿאַר דעם אונבעקאַנטען. מחמת דעם האָט עס געקענט געשעהן, אַז

קלוגשאַפּט, טוגענד און מענשליכקייט האָבען אָבגעשוואַכט און אָבגעפּרעגט די מאַכט פֿון די קעניגע, אין דער צייט וואָס טיראַניי, וואַהנזין און רשעות האָבען זי נאָך מעהר פֿערפֿעסטיגט. דערפֿון האָט זיך אויך גענומען דאָס, וואָס דער אַלמעכטיגסטער פֿון די דאָזיגע מאָדנע הערשער האָט קיין שום איינפֿלוס ניט געהאַט אויף דאָס גוטע, בעת ווען דער שוואַכסטער פֿון זיי האָט מיט זיין ווילדער צושטערונג און רשעות אַריבערגעשטיגען דעם טייוועל אין אַלע מלאכי חבלה פֿון גיהנום. דאָס לעבען האָט ער נישט געקענט געבען, — דעם טויט אָבער האָט ער געגעבען אָהן אַן אויפֿהער, — אָט דער זעלטזאַמער פֿערשווענדער פֿון שגעון, פֿון טויט און פֿון רשעות; און אַלץ העכער האָט זיך אויפֿגעהויבען דער טראָהן, וואָס מעהר מענשליכע ביינער עס זיינען אַוועקגעלייגט געוואָרען פֿאַר זיין פֿונדאַמענט.

אויך אין אַנדערע אַרומיגע לענדער זיינען געזעסען הערשער אויף'ן טראָהן, און אויך זייער מאַכט האָט זיך געצויגען פֿון קדמוניות אָן און האָט זיך פֿערלאָרען אין דער אונענדליכקייט פֿון די צייטען. עס זיינען געווען יאָהרען און יאָהרהונדערטע, ווען דער געהיימניספֿולער הערשער פֿלעגט פֿערשווינדען אין איינער פֿון די מדינות; אָבער נאָך קיינמאָל איז ניט פֿאָרגעקומען, אַז די גאַנצע ערד זאָל פֿריי ווערן פֿון זיי. ווידער זיינען פֿערלאָפֿען יאָהרהונדערטע, און פֿון דאָס ניי, מען האָט ניט געוואוסט פֿון וואַנען, האָט זיך אין לאַנד אויפֿגעהויבען אַ טראָהן, און ווידער איז דערויף געזעסען אַ מאָדנע, אונבעגרייפֿליכע בריאה, אַ געמיש פֿון קראַפֿטלאָזיגקייט און פֿון אונשטערבליכער מאַכט. מיט איהר רעטהזעלהאַפֿטיגקייט האָט אָט די בריאה בעצויבערט די מענשען: אין אַלע צייטען זיינען צווישען זיי געווען אַזעלכע, — און זייער צאָהל איז געווען גרויס, — וועלכע האָבען זי מעהר געליעבט איידער זיך אַליין, מעהר איידער זייערע פֿרויען און קינדער, און וועלכע האָבען מיט הכנעה, אָהן אַ שום בעקלאָגען זיך, מקבל

באהבה געווען פֿון איהר און אין איהר נאָמען, אַזוי ווי פֿון גאָט'ס הענד, דעם גרויזאַמסטען און שענדליכסטען טויט.

דער צוואַנציגסטער און זיינע פֿאָרגעננגער האָבען זיך זעלטען געוויזען פֿאַר'ן פֿאָלק און נור וויניג מענשען האָבען זיי געזעהן; אָבער דערפֿאַר האָבען זיי אַלע ליעב נעהאַט דאָס פֿאָלק צו בעגליקען מיט זייערע בילדער, וואָס זיי האָבען געלאָזט אויס־קריצען אויף מטבעות, אויסהאַקען אין שטיין, אָבדרוקען אונ־צעהליגע מאָל אויף לייווענט און איבעראַל דורך קינסטלערישע ערפֿינדונגען פֿערשעהנערן און פֿערפֿאָלקאָמען. מען האָט ניט געקענט מאַכען קיין טריט, מען זאָל ניט זעהן זייער געזיכט,— כסדר דיזעלבע איינפֿאַכע און רעטהזעלהאַפֿטע צורה, וועלכע האָט זיך אויף אַ געוואַלטיגען אופן איינגעגראָבען אין זכרון, האָט בעהערשט די איינבילדונג און געמאַכט דעם איינדרוק, עפּעס אַזוי ווי דער, וועמען זי שטעלט פֿאָר, וואָלט געווען איבעראַל אין איין און דערזעלבער צייט. און מענשען, וועלכע האָבען זיך קוים געקענט דערמאָנען אָן זייער זיידען און זייער עלטער־זיידען גאָר אין גאַנצען ניט געקענט, זיינען געווען גענוי בעקאַנט מיט דעם פנים פֿון דעם קעניג, וואָס האָט געהערשט מיט 100, 200, 1000 יאָהר צוריק. און ווי געוועהנליך ס'איז ניט געווען דאָס געזיכט פֿון דעם איינעם, וואָס האָט געוועלטיגט איבער מיליאָ־נען, דאָך איז אימער געלעגען אויף איהם דער שטעמפעל פֿון געהיימנים און פֿון אַ שרעקליכען רעטעניש. פונקט ווי דער פנים פֿון אַ מת קוקט אויס רעטהזעלהאַפֿט און בעדייטונגספֿול, מחמת פֿון זיינע צוגעוואוינטע, בעקאַנטע געזיכטציגע קוקט אַרויס דער געהיימניספֿולער און מעכטיגער טויט אַליין.

אַזוי הויך איבער'ן לעבען איז געשטאַנען דער קעניג. מענ־שען זיינען געשטאָרבען, גאַנצע דורות זיינען פֿערשוואונדען פֿון דער ערד, ער אָבער האָט בלויז דעם נאָמען געענדערט, אַזוי ווי די שלאַנג איהר הויט: נאָך'ן עלפֿטען איז געקומען דער צוועלפֿ־

טער, דאַן דער פּופּצעהנטער, דערנאָך ווידער דער ערשטער, דער פֿינפֿטער, דער צווייטער, און אין די דאָזיגע קאַלטע ציפֿערן האָט אָבגעקלונגען דיזעלבע נייטווענדיגקייט, ווי אין די בעוועגונגען פֿון דעם אומרוה, וועלכער האָט אָנגעצייגט די מינוטען.

„אַזוי איז עס געווען—אַזוי וועט עס זיין."

## II

ויהי היום, און אין דער גרויסער מדינה, וואו דער צוואַנ־ציגסטער איז געווען קעניג, האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן, —אַן אייפּשטאַנד פֿון מיליאָנען, פּונקט אַזוי רעטהזעלהאַפֿט ווי די רעטהזעלהאַפֿטע מאַכט פֿון דעם איינעם. עפּעס אַ מאָדנע זאַך האָט פּאַסירט מיט די פֿעסטע באַנדען, וועלכע האָבען דעם קעניג און דאָס פֿאָלק געהאַלטען צוזאַמען; זיי האָבען זיך שטילערהייט, גאָר אונבעמערקטערהייט און אויף אַ געהיימען אופן אָנגעהויבען אויפֿצובינדען, — אַזוי ווי אין אַ קערפּער, פֿון וואַנען דאָס לעבען איז פֿערשוואונדען און אין וועלכען נייע, ביז אַהער פֿערבאָרגענע כוחות פֿאַנגען אַצונד אָן זייער אַרבייט. ס'איז געבליבען דער טראָהן, דער פּאַלאַץ, דערזעלבער צוואַנציגסטער — נאָר די מאַכט איז אונבעמערקטערהייט אָבגעשטאָרבען. קיינער האָט ניט געקענט די שטונדע פֿון איהר טויט. און אַלע האָבען געמיינט, זי איז נור קראַנק. דאָס פֿאָלק האָט פֿערגעסען צו געהאָרכען, ווייטער גאָרנישט, — און פּלוצלינג איז פֿון אַ פֿעראיינצעלטען, קליינעם, אונבעדייטענדען ווידערשטאַנד אויסגעוואַקסען אַ ריע־זיגע, אונבעזיעגבאַרע בעוועגונג. און אַזוי גיך ווי דאָס פֿאָלק האָט אויפֿגעהערט צו געהאָרכען, האָבען זיך מיט אַמאָל געעפֿענט זיינע שוין פֿון יאָהרהונדערטע אַלטע וואונדען, און עס האָט מיט פֿולען צאָרן דערפֿיהלט דעם הונגער, די אונגערעכטיגקייט און

די אונטערדריקונג. און מען האָט דאָס נייע געפּיהל אַרויסגע־שריען הויך אויף׳ן קול און געפּאָדערט גערעכטיגקייט. און פלוצלינג האָט זיך דאָס פּאָלק אויפגעשטעלט ווי אַ ריזענגרויסעס, צוויושעטעס טהיער, כדי אין אַ פרייער מינוט פון צאָרן זיך נוקם צו זיין אָן זיין צוימער פאַר די אַלע יאָהרען פון ערנידרעריגונג און פון מאַטערניש.

פונקט אַזוי ווי די מיליאָנען האָבען צווישען זיך ניט אָבגעמאַכט, זיך צו אונטערוואַרפען, אַזוי האָבען זיי זיך אייך ניט צונויפגערעדט, כדי זיך אויפצוהויבען; מיט איין מאָל האָט זיך פון איבעראַל פונאַנדערגעגאָסען דער אויפשטאַנד געגען דעם שלאָס. שטוינענדיג איבער זיך אַליין און איבער זייער האַנדלונג, זיך גאָר פערגעסענדיג אָן דעם וועג, וואָס זיי זיינען אָבגעגאַנגען, האָבען זיך די מענשען געשפּאַרט אַלץ נעהנטער און נעהנטער צום טראָהן; — שוין האָבען זיי מיט די הענד בעטאַפּט זיינע שנייצערייען און פערגאָלדונגען, שוין האָבען זיי אַריינגעקוקט אין דאָס קעניגליכע שלאָפצימער און געפּרואווט זיך אַנידערזועצען אויף די קעניגליכע שטוהלען. דער קעניג האָט זיך פערנייגט, די קעניגין האָט געשמייכעלט, און פּיעלע פון דעם פּאָלק האָבען געוויינט פאַר פרייד, ווען זיי האָבען דעם צוואַנציגסטען געזעהן אַזוי נאָהענט לעבען זיך; די פרויען האָבען מיט פאָרזיכטיגע פינגער געגלעט דעם סאַמעט פון׳ם מאַנטעל און די זייד פון די קעניגליכע קליידער; די מענער האָבען זיך אין גוטמוטהיגער רויקייט געשפּיעלט מיט דעם קעניגליכען קינד. דער קעניג האָט זיך פערנייגט, די בלייכע קעניגין האָט געשמייכעלט, און פון דעם וייטען־צימער האָט זיך איבער דער שוועל פון דער פערשלאָסענער טהיר אַרויסגעשפּאַרט אַ שוואַרצער פּאַס, די בלוטיגע שפּור פון אַ הויף־אַדיוטאַנט, וועלכער האָט זיך דערשטאָכען: ער האָט ניט געקענט אַריבערטראָגען דאָס וואָס שמוציגע פינגער

ריהרען אָן דעם קעניג'ס מאַנטעל, און ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען.

און זיך פונאַנדערגעהענדיג האָבען זיי געשריען: „לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער!"

ס'איז אמת, אַז דאָ און דאָרט האָט איינער געקנייטשט מיט'ן שטערן, אָבער די שטימונג איז געווען אַזאַ פרעהליכע, אַז אויך ער האָט זיך פערגעסען אָן זיין כעס און לאַבענדיג, אַזוי ווי אין קאַרנעוואַל, ווען מען קרוינט עפּעס אַ לץ פאַר אַ קעניג, האָט ער אָנגעהויבען ליאַרעמען:

„לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער!"

זיי האָבען געלאַכט. אָבער ביינאַכט האָבען זיך די פנים'ער ווידער פערכמאַרעט, און פערדאַכט האָט אַרויסגעקוקט פון די אויגען: ווי האָט עס גאָר געקענט מעגליך זיין, צו גלויבען דעם, וואָס האָט זייט טויזענד יאָהר מיט טייפלישער כיטרעקייט בע־טראָגען זיין געטריי און גוט פאָלק? אין פאַלאַץ איז דונקעל; פון די ריעזען־פענסטער שלאָגט אָב אַ פאַלשער גלאַנץ, עס זעהט אויס גאָרניט היימליך, אָקוראַט ווי דאָרט וואָלט זיך עפּעס צוגעגרייט. דאָרט געהט אָן אַ כשוף־מאַכעריי. דאָרט ווערט די פינסטערניש בעשוואָרען און תלינים רופט מען פון איהר אַרויס פאַר דעם פאָלק'ס קאָפּ; דאָרט ווישט מען זיך פאָרזיכטיג אָב דאָס מויל נאָך די פעררעטהערישע קושען און מען וואַשט אָב דאָס קינד, וואָס דאָס פאָלק האָט מיט זיינע הענד בעשמוצט. ס'קען אויך געמאָלט זיין, אַז קיינער איז דאָרט גאָר ניטאָ. פיליכט געפינט זיך אין די ריעזיגע שוואַרצע זאַלען בלויז דער טויטער קערפּער פון דעם הויף־אַדיוטאַנט, — און פוסטקייט און איינ־זאַמקייט — זיי זיינען אַלע פערשוואונדען. מען מוז שרייען, מען מוז איהם אַרויסרופען — אויב ס'האַלט זיך דאָרט נאָך אויף אַ לעבעדיגער מענש!

„לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער!"

דער בלייבער, אונרוהיגער אָווענד־ה׳מעל קוקט אַראָב אויף די בלייבע, אויפגעהויבענע געזיכטער; די וואָלקענס יאָגען זיך דערשראָקען איינע איבער די אַנדערע, און פאַלש, רעטהזעלהאַפט, מיט אַ טויטען גלאַנץ לייכטען די ריעזען־פענסטער.

„לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער!"

דער צושראָקענער וואַך־מאַן וואַרפט זיך אַרום אַהין און אַהער צווישען דעם עולם און ווייסט ניט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבען; ער האָט פערלאָרען זיין געוועהר און ער שמייכעלט. ווי אין פיבער קרעכצט דער שלאָס פון דעם אייזערנעם טויער, אויף די הויכע, אייזערנע שטראַבעטען זיינען אויסגעוואַקסען וואונדערליכע שוואַרצע פריכטע, קרעמפּפּענדע צוזאַמענגעצויגענע לייבער און אויסגעשטרעקטע אָרעמס; בלייך דער הימעל, שוואַרץ אונטען די ערד. פערבײפליהענדע וואָלקענס קוקען אַראָב אונטען. אַ געשריי. אימיצער האָט אָנגעצונדען אַ פאַקעל, די פענסטער פון׳ם פאַלאַץ שטעהען אין רויך און אין בלוטיגען שיין, און עפּעס דוכט זיך דער מאַסע, אַז זיי קומען צו נעהנטער צו איהר. אויף די װענד איז עפּעס אַרויפגעקראָכען און ווערט נעלם אויף׳ן דאַך. דער שלאָס שווייגט. די אייזערנע וואַנד איז אין גאַנצען אַרומגעוואַקסען מיט מענשען. פּלוצלינג פערשווינדט זי — דער פלאַץ ווערט פריי — דאָס פאָלק בעוועגט זיך.

„עס לעבע דער צוואַנציגסטער!"

הינטער די פענסטער לויפען פערביי בלייכע ליכטלאַך. אַ העסליכעס געזיכט דריקט זיך צו צו דער שויב און פערשווינדט. מיט אַמאָל ווערט ליכטיג. די ליכט פערמעהרען זיך, בעוועגען זיך פאָרווערטס און צוריק — אַ פּראָצעסיאָן, אַ מאָרנער טאַנץ. דאַן שפּאַרען זיך די ליכט צוזאַמען, פערנייגען זיך, און אויף׳ן באַלקאָן קומט אַרויס דער קעניג און די קעניגין. הינטער זיי איז ליכטיג, אָבער די פּנים׳ער זייערע זיינען פינסטער. ווער ווייס? פיללייכט זיינען דאָס גאָרנישט זיי!

„ליכט! צוואַנציגסטער! ליכט! מען זעהט דיך ניט!" ברע־נענדע פּאַקעלען אויף ביידע זייטען, און פֿון דעם רויכיגען הינ־טערגרונד, אין פורפור־רויטען ליכט, הויבען זיך אויף שוואַנקענדע געזיכטער. הינטען אין די רייהען דערהערט זיך אַ געשריי:

„דאָס זיינען ניט זיי! דער קעניג איז אַנטלאָפֿען!" אָבער די וואָס שטעהען נעהנטער שרייען מיט אַ פֿרייד פֿון אַ בערוהיגטען שרעק:

„לעבען יאָל דער צוואַנציגסטער!"

די פורפור־רויטע געזיכטער בעוועגען זיך לאַנגזאַם אַרויף און אַראָב, אָט זיינען זיי בעגאָסען מיט אַ שרייענדען ל־כט, און אָט צופֿליכען זיי אין שאָטען; זיי פֿערנייגען זיך פֿאַר'ן פֿאָלק. עס פֿערנייגט זיך אין זיי דער ניינצעהנטער, דער פֿערטער, דער צווייטער, עס פֿערניי־גען זיך אין דעם פורפור־רויטען רויך יענע רעטהזעלהאַפֿטע ברואים מיט דער אונבעגרייפֿליכער, כמעט געטליכער מאַכט, און הינטער זיי, אָבש־אַרבענדיג אין דער טיע־פֿעניש פֿון דער פורפור־רויטער פֿערגאַנגענהייט, מאָרדען, הינ־ריכטונגען, הערליכקייט און שרעק. ער מוז ריידען, אַ מענשליכע שטימע מוז זיך לאָזען הערען! ווען ער שווייגט, איז ער אַזוי שוידערליך אָנצוקוקען, אָקוראַט ווי אַ בעשוואָרענער טייוועל פֿון ג־הנום אַרויס.

„רייד, צוואַנציגסטער! רייר!"

אַ מאָדנער מאַך מיט דער האַנד, אַ מין אויפֿפאָדערונג צו שווייגען — אַ וואונדערליכע, בעפֿעהלערישע בעוועגונג, — אַזוי אַלט ווי די מאַכט גופא; און אַ שטילע, אונבעקאַנטע שטימע, וועלכע שליידערט אין די מאַסע אַלטע, מאָדנע ווערטער: „איך פֿרעה זיך, וואָס איך זעה מיין גוט פֿאָלק פֿאַר זיך!"

„וויטער גאָרנישט? — וואָס זשע, דאָס איז דען ווייניג?

— ער פֿרעהט זיך! דער צוואַנציגסטער פֿ־עהט זיך! זיי נישט בייז אויף אונז, צוואַנציגסטער! מיר האָבען דיך ליעב, צוואַנציג־

סטער, האָב דו אונז אויך ליעב. אַז דו וועסט אונז נישט ליעב האָבען, וועלען מיר ווידער אַריינגעהן אין דיין צימער, וואו דו אַרבייטסט, אין דעם עסס־זאַאַל, וואו דו עסט, אין שלאָפ־צימער, וואו דו שלאָפסט, און מיר וועלען דיך צווינגען אונז צו ליעבען!"

„לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער! לעבען זאָל דער קעניג! לעבען זאָל דער הערר!"

„שקלאַפען!"

ווער האָט דאָס אַ געשריי געטהאָן „שקלאַפען!"? די פאַ־קעלען לעשען זיך אויס. זיי געהען אַוועק. די בלייבע ליכט פערשווינדען הינטערוויילאַכס, די פענסטער ווערן דונקעל, כמעט וואָס מען זעהט זיי ניט, בעשפריצט מיט בלוט. צווישען דעם המון ווערט אימיצער געזוכט. אין נעבעל יאָגען זיך די וואָלקענס אַלץ ווייטער און ווייטער. וואָס זשע, ער איז טאַקי געווען דאָ, אָדער ס'איז בלויז געווען אַ גייסט? מען וואָלט איהם בעדאַרפט אָנכאַפען, זיינע קליידער, זיין געזיכט מיט די הענד בעטאַפען, און ניט קוקען דערויף וואָס ער וואָלט אודאי געשריען פאַר שרעק אָדער שמערץ.

שווייגענדיג געהען זיי זיך פונאַנדער. איינצעלנע געשרייען פערלירען זיך אין דעם אונרוהיגען גערויש פון די טריט, זיי געהען פול מיט דונקעלע ערינערונגען, פאָרגעפיהלען און שרעק. שווערע חלומות שוועבען די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד איבער דער שטאָדט.

III.

ער האָט געמאַכט אַ פערזוך צו אַנטלויפען. די איינע האָט ער פערכשופ'ט, די אַנדערע האָט ער איינגעשלעפערט און האָט שוין געהאַלטען דערביי צוריקצוקריגען זיין טייפלישע פרייהייט.

מיט אַמאָל האָט איהם אַ געטרייער זוהן פֿון'ם פֿאָטערלאַנד דערקענט אין די קליידער פֿון אַ שמוציגען קנעכט. ער האָט זיין אייגענעם זברון ניט געטרויט און צוערשט אַ קוק געטהאָן אויף אַ מטבע מיט דעם קעניגל׳כען בילד. די גלאָקען האָבען גע־מאַכט אַ ליאַרם, און פֿון די הייזער האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן דערשראָקענע בלייבע מענשען: דאָס איז ער! נו, געפֿינט ער זיך אַצונד אין טהורם, אין דעם גרויסען, שוואַרצען טהורם מיט די דיקע וועגד און די קליינע פֿענסטערלאַך; דאָרט ווערט ער בע־וואַכט פֿון געטרייע זיהן פֿון פֿאָלק, וועמען מען קען ניט פֿער׳־כשופ׳ען און ניט אָבקויפֿען מיט קיין שום שוחד, מיט קיינע חניפות. כדי עס זאָל די וועכטער ניט ווערן אומעטיג אויף׳ן האַרצען, טרינקען זיי און לאַכען און בלאָזען איהם דעם רויך פֿון זייערע ליולקעס גלייך אין פנים אַריין, ווען ער געהט אַרוים אין געפֿענגנים מיט זיין פֿאַמיליע אויף׳ן געוועהנליכען שפּאַציר. כדי ער זאָל די פֿערבייגעהער ניט פֿער׳כשופ׳ען, האָבען זיי די פֿענסטער אונטען מיט דיקע ברעטער פֿערקלאַפּט, און דעם אויבערשטען טהייל פֿון טהורם, וואו ער מאַכט אָפּטמאָל זיין שפּאַציר, האָבען זיי אַרומגעצוימט, אַזוי אַז נור די וואַנדלענדע, אַרומלויפֿענדע וואָלקענס קוקען איהם אין פנים אַריין. אָבער ער איז שטאַרקער. ער פֿערוואַנדעלט דעם פֿרייען געלעכטער אין שקלאַפֿישע טרעהרען; דורך די דיקע וועגד פֿערזעעט ער אינ־טרייהייט און פֿעראַטה, וועלכע וואַקסען אוים ווי שוואַרצע בלומען אין פֿאָלק און מאַכען דאָס גאָלדענע קלייד פֿון דער פֿרייהייט אַזוי פֿלעקיג, ווי די פֿעל פֿון אַ ווילדער חיה. איבעראַל פֿעררעטהער און שונאים! אויף די גרענעצען פֿערזאַמלען זיך פּונקט אַזעלכע מעכטיגע און געהיימניספֿולע הערשער, וועלכע זיינען אַרונטערגעקראָכען פֿון זייערע טראָהנען און ברייננען צו פֿיהרען גאַנצע מחנות פֿון ווילדע און פֿערפֿיהרטע מענשען, מוטער־מערדער, וועלכע זיינען געקומען אַהער צו טויטען זייער

מוטער, די פּרייהייט. אין די הייזער, אויף די גאַסען. אין די ווייטע וועלדער און דערפער, אין די שמאָלצע פרעכטיגע זאַאַלען פון דער פאָלקס־פערזאַמלונג — איבעראַל גליטשט זיך אַריין דער שוואַרצער שאָטען פון דעם פערראַטה. וועה דעם פאָלק! פערראַטען האָבען עס די מאַקי, וועלכע האָבען צוערשט אויפ־געהויבען די פאָהן פון אויפשטאַנד; און שוין האָט מען די פערפלוכטע אַש פון זייערע קערפערס אַרויסגעשליידערט פון די בעטראָגענע קברים, שוין האָט זייער שוואַרץ בלוט די ערד אָנ־געטרונקען. וועה דעם פאָלק! יענע האָבען עס פערראַטהען, וועמען עס האָט די נשמה זיינע אָבגעגעבען; פערראַטה האָבען בעגאַנגען די אויסגעוועהלטע מיט די עהרליכע פנים׳ער, מיט די אינבויגזאַמע שטריינגע רעדען און די פולע קעשענעס מיט פרעמדען גאָלד.

די גאַנצע שטאָדט האָט מען דורכגעזוכט. ס׳איז אַרויס אַ בעפעהל, אַז אַלע מענשען זאָלען אום 12 אַזייגער מיטאָג־צייט זיין אין זייערע וואוינונגען, און אַז די גלאָקען האָבען פונקט צו דער מינוט אָנגעהויבען קלינגען, האָבען זיך די מרה שחורה׳דיגע קלאַנגען געקייקעלט איבער די ליידיגע, שטומע גאַסען. זינט די שטאָדט איז ענטשטאַנען, האָט נאָך קיינמאָל אין איהר ניט גע־הערשט אַזאַ מין שטילקייט. ליידיג און פערלאָזען איז דער פלאַץ אַרום דעם פאָנטאַן, ניטאָ דאָרט קיין לעבעדיגעס וועזען, אַלע קלייטען זיינען פערמאַכט, פון איין עק גאַס ביז צום אַנדערן זעהט מען ניט קיין איין מענשען, קיין איין וואָגען ניט. ביי די שטיל־שווייגענדע ווענד גליטשען זיך פערביי די קעץ, דערשראָ־קען און פערוואונדערט, זיי ווייסען ניט, צי ס׳איז טאָג צי נאַכט; אַזוי שטיל איז עס, אַז מען וואָלט געקענט הערען דעם סאַמעט־ווייכען גערויש, וואָס זיי מאַכען מיט זייערע פיסלאַך. איינצעלנע גלאָקען־קלאַנגען שניידען דורך די גאַס, אַזוי ווי אונזיכטבאַרע, שוואַרצע בעזימער, און זיי קעהרען אין דערזעלבער צייט אויס די

שטאָדט. אויך די קעץ פֿערקריכען פֿאַר שרעק אין די לעכער. מענשען־פּוסטקייט. שטילקייט.

פּלוצלינג בעוויזען זיך אין אַלע גאַסען קליינע מחנות בעװאַפֿענטע מענשען. זיי ריירען הויך אויף'ן קול און קלאַפּען גאַנץ פֿריי מיט די פֿיס. כאָטש זייער צאָהל איז ניט גרויס מאַכען זיי מעהר ליאַרם, איידער די גאַנצע שטאָדט, ווען הונדערט טויזענד מענשען און וועגען געהען און פֿאָהרען אין איהר אַרום.

יעדעס הויז, איינס נאָך'ס אַנדערע, שלינגט ווי איין און וואַרפֿט זיי ווידער אַרויס און מיט זיי צוזאַמען איינעם אָדער צוויי מענשען, וואָס זיינען בלייך פֿאַר כעס אָדער רויט פֿאַר צאָרן. מיט די הענד אין די טאַשען געהען זיי זיך זייער וועג,—אין די ראָזיגע מאָרגע טעג האָט קיינער קיין מורא ניט פֿאַר'ן טויט, אפילו די פֿעררעטהער אויך ניט — און זיי פֿערשווינדען אין דער שוואַרצער טיעפֿקייט פֿון די טורמעס. צעהן טויזענד פֿעררעטהער האָבען די געטרייע זיהן פֿון'ם פֿאָלק געפֿונען; צעהן טויזענד שטאַאַטס־פֿעררעטהער, וועלכע זיי האָבען אַריינגעוואָרפֿען אין די תפיסות.

אַצונד איז געווען אי בערוהיגענד, אי שוידערליך אַ קוק צו טהאָן אויף די טורמעס; אָנגעפֿילט זיינען זיי געווען פֿון אויבען ביז אַראָב מיט אַלערליי פֿערראַטה. די וועגד האָבען איהם קוים מיט צרות געקענט איינהאַלטען אין זיך און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אָט, אָט פֿאַלען זיי איין. יענע נאַכט האָט אין דער שטאָדט געהערשט ששון ושמחה. ווידער אַמאָל זיינען די הייזער ליידיג געוואָרען, ווידער האָבען זיך אָנגעפֿילט די גאַסען, און די שוואַרצע, אונענדליכע מאַסע האָט זיך געדרעהט אין אַ וואונדערליכען פֿערפֿיהרענדען מאַנץ מיט געוואַלדיגע, ליידענשאַפֿטליכע בעוועגונגען. זיי האָבען געטאַנצט פֿון איין עק שטאָדט ביז צום אַנדערן. איבער די לאַמטערנעס האָבען זיך אויפֿגעהויבען הויך־שפּרינגענדע כוואַליעס: איינגעפֿלאָכטענע אָרעמס איינע אין

די אַנדערע, דערהיצטע געזיכטער פֿון לאַכען, ברייט־פֿונאַנדער־געעפֿענטע אויגען — אַלעס אין ווילדען קרייז, כסדר ווערקסלענדיג און פֿערשוואונדענדיג; דאָרט ערגעץ ווייט האָט געברויזט אַ שוואַרצע מאַסע. אָט האָט זי זיך פֿערשטאָלצען אינאיינעם און באַלד פֿונאַנדערגעטהיילט, אָט האָט זי געגומטען רוישען און קאָכען און זיך דרעהען ווי אַ וויכער און אָט איז זי געלאָפֿען פֿאָרווערטס ווי אַ שטראָם. אויף איינער פֿון די לאַטערנעס האָט זיך אַרומגעשאָקעלט אַ געהאַנגענער, אַ פֿעררעטהער, וועמען עס איז ניט געלונגען אַריינצוקומען אין תפיסה. זיינע אויסגעשטרעקטע פֿיס, וועלכע האָבען זיך מיט זעהנזוכט געצויגען צו דער ערד, זיינען אַלע ווילע אָנגעריהרט געוואָרען פֿון די מענצער׳ס קעפּ, און ס׳האָט אויסגעזעהן, עפעס אַזוי ווי ער וואָלט אַליין אויך מיטגעטאַנצט, אָקוראַט ווי ער וואָלט געווען דער טאַנצמייסטער, וועלכער פֿיהרט אָן די טענץ.

דאַן זיינען זיי אַוועק צו דעם שוואַרצען טהורם און מיט אויפֿגעהויבענע קעפּ האָבען זיי אַריינגעשריען אין די דיקע ווענד אַריין:

„טויט דעם צוואַנציגסטען, טויט!"

אין די פֿענסטער האָבען געבלישטשעט רויטע ליכט: געטרייע זיהן פֿון פֿאָלק האָבען בעוואַכט די טיראַנען. און בערוהיגט און זיכער, אַז ער געפֿינט זיך דאָ און קען פֿון דאַנען ניט אַנטלויפֿען, האָט דער המון צום שפּאַס, אָדער כדי איהם צו שרעקען, געשריען:

„טויט דעם צוואַנציגסטען, טויט!"

און זיי זיינען אַוועק און האָבען געמאַכט פּלאַץ פֿאַר אַנדערע, וועלכע האָבען געשריען פֿון דאָס ניי. און ווידער אַמאָל האָבען די גאַנצע נאַכט געשוועבט שוידערליכע חלומות איבער דער שטאָדט, און ביי זיי אינעווייניג האָבען געברענט די שוואַרצע טהורמס און די געפֿענגניסען, פֿול מיט פֿעררעטהער און פֿערברע־

כען, אַזוי ווי פֿערשלונגענער גיפֿט, וואָס מען האָט ניט אַרויס־גענומען פֿון קערפּער.

די פֿערוועטהער זיינען נעטויטעט געוואָרען. מען האָט גע־שאַרפֿט שווערדען, העק און קאַבעס. דיקע קלעצער און שווערע שטיינער זיינען געזאַמעלט געוואָרען, און צוויי מאָל פֿיער און צוואַנציג שעה האָט מען געאַרבייט אין די טורמעס, ביז אַלע זיינען געפֿאַלען פֿון די פֿיס פֿאַר מיעדקייט. ענדליך זיינען זיי דאָרט געשלאָפֿען, און וואו עס איז זיי גראָד אויסגעקומען האָבען זיי געגעסען און געטרונקען. די ערד האָט שוין מעהר ניט געקענט איינזאַפּען אין זיך דאָס פֿעטע בלוט און מען האָט געמוזט אַרויספּשיטען שטרוי דערויף, אָבער אויך דאָס איז באַלד נאַס געוואָרען און ס'האָט זיך פֿערוואַנדעלט אין אַ ברוינער בלאָטע. זיבען טויזענד זיינען דערשלאָגען געוואָרען. זיבען טויזענד פֿערוועטהער זיינען אַריין אין דער ערד, כדי די שטאָדט צו ריי־ניגען און די יונגע פֿרייהייט לעבען צו לאָזען.

ווידער אַמאָל זיינען זיי אַוועק צום צוואַנציגסטען און האָבען איהם געוויזען די אָבגעהאַקטע קעפּ און די אויסגעריסענע הער־צער. און ער האָט זיי אָנגעקוקט. נאָר אין דער פֿאָלקס־פֿער־זאַמלונג האָט געהערשט אַ צוטראָגענקייט און אַ שרעק: מען האָט געזוכט דעם, וואָס האָט אַרויסגעגעבען דעם בעפֿעהל צו טויטען, און מען האָט איהם ניט געפֿונען. און דאָך האָט אימי־צער פֿאָרט געמוזט אַרויסגעבען דעם בעפֿעהל. ביסט דו עס אַקאָרשט ניט געווען? אָדער דו? אָבער ווער וואָלט עס דען געוואַגט צו בעפֿעהלען דאָרט וואו די פֿערזאַמלונג אַליין האָט נור געהאַט די מאַכט דערצו? אַ טהייל האָבען געגלויבט, אַז זיי ווייסען עפּעס מכח דעם.

„מערדער!"

„ניין, מיר בעדויערן בלויז דאָס פֿאָטערלאַנד, בעת ווען איהר בעדויערט די פֿערוועטהער!"

און עס ווערט ניט רוהיג, און דער פֿערראַטה וואַקסט און מעהרט זיך און שפּאַרט זיך אַריין אין סאַמע הארצען פֿון׳ם פֿאָלק. אזוויפֿיעל לייד איז אַריבערגעטראָגען, אַזויפֿיעל בלוט פֿערגאָסען געוואָרען, און אַלעס אומזיסט! דער געהיימניספֿולער הערשער האָט דורך די דיקע ווענט וויטער פֿערזועט פֿע־ראַטה און כשוף. וועה דער פֿרייהייט! פֿון מערב זיינען געקומען שרעקליכע ידיעות מכח מורא׳דיגע צאַנקערייען, שלאַכטען, מכח שפּאַלטונגען צווישען דעם נאַרישען פֿאָלק, וואָס האָט זיך בעוואַפֿענט און זיך אויפֿגעהויבען געגען די מוטער פֿרייהייט. פֿון דרום איז דער שטורם געקומען סטראַשענדיג, פֿון צפון און מזרח האָבען זיך אַריינגעשפּאַרט די הערשער, וועלכע זיינען אַרונטערגעקראָכען פֿון זייערע טראָהנען, מיט זייערע ווילדע מחנות. פֿון וואַנען די ווינטען האָבען ניט געבלאָזען, זיי זיינען כסדר געוועזען אָנגעטרונקען מיט דער לופֿט פֿון שונאים און פֿערעטהער. פֿון וואַנען די וואָלקען האָבען זיך ניט געצויגען, פֿון צפון אָדער פֿון דרום, פֿון מזרח אָדער פֿון מערב, זיי האָבען אימער געבראַכט דעם קלאַנג פֿון סטראַשונקעס און צאָרן מיט זיך; פֿרעהלאַך האָט ער אָבגעקלונגען אין די אויערן פֿון די, וואָס זיינען געוועזען טהורם, אָבער אין די אויערן פֿון די בירגער האָט ער אויסגעוויזען ווי אַ טויטען־קלאַנג. וועה דעם פֿאָלק! וועה דער פֿרייהייט! די לבנה האָט געשיינט מיט אַ שרייענדיגען גלאַנץ, אַזוי ווי איבער חורבות; די זונן איז יערען אָוועגד אונטערגעגאַנגען אין נעבעל און איז פֿערדונקעלט געוואָרען פֿון שוואַרצע, לאַנגזאַם ציהענדע וואָלקענס, פֿון אַן אומגעלומפּערטער, געוואַלטיגער, וואונדערליכער געשטאַלט. זיי האָבען אַרומגענומען און בעדעקט דעם זונען־קוגעל, און אַזוי האָבען זיך בײדע, די זונן און די וואָלקענס, אַרונטערגעלאָזט אין דעם האָריצאָנט, אַזוי ווי אין איינציגע פורפור־רויטע מאַסע. אויף אַ ווײלע האָט זיך דער זונן

איינגעגעבען אַרויסצושווימען פון די וואָלקענס, אָבער וואָס פאַר אַ מרה־שחורה׳דיג, שוידערליך ליכט איז דאָס געווען!

שנעל און שרעקעדיג האָט זיך דאָס דאָזיגע ליכט צוגעטוליעט צו די שפּיצען פון די בוימער, פון די הייזער און די קירכען, האָט אַרונטערגעקוקט מיט גרויסע, פאַנאַנדערגעעפענטע, שרעקליכע אויגען, איז דונקעל געוואָרען, צוגאַנגען און האָט זיך פערלאָשען, דער וואָלקען האָט זיך אַזוי ווי אַן אומגעלומפּערטער באַרג אַראָבגעוואָרפען אין דעם ווייטען ים און האָט מיטגעריסען די זונן מיט זיך. וועה דעם פאָלק! וועה דער פרייהייט!

דערווייל איז דער איין־אויגיגער זייגער־מאַכער, וועלכער האָט אַזוי גוט געקענט קוקען דורך׳ן שפּאַקטיף, אַרומגעגאַנגען צווישען די רעדער און רעדלאַך, צווישען די שפּרונדזשינעס און די ויילען, און מיט׳ן קאָפּ אָנגעבויגען אָן אַ זייט, האָט ער בעטראַכט דעם שוואונג פון דעם ריעזען־אומרוה.

„אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין, אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין!"

איינמאָל, בעת ער איז נאָך גאָר יונג געווען, איז דער זייגער קאַליע געוואָרען און צוויי טעג נאָכאַנאַנד ניט געגאַנגען. דאָס איז געווען אַזוי מורא׳דיג, ס׳האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי די גאַנצע צייט מיט איהר אונענדליכער מאַסע וואָלט ערגעץ וואו אַרונטערגעפאַלען. נאָר אַז מען האָט דעם זייגער פערריכט, איז ווידער גוט געוואָרען: אַצונד פליסט די צייט דורך די פינגער, טראָפּענווייז פאַלט זי אַראָב, טהיילט זיך פונאַנדער און ברעקעלט זיך אָב אין קליינע שטיקלאַך. די גרויסע, קופּערנע לבנה־שויב גלאַנצט אָב מאַט אויף דעם אומרוה און גליטשט זיך פערביי ווי אַ געלער פלעק פאַר דעם צוזאַמענגעצויגענעם אויג. דרויסען אויף׳ן דאַך וואָרקעט ערגעץ־וואו אַ טויב.

„אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין, אַזוי איז עס געווען — אַזוי וועט עס זיין!"

## IV

שוין איז די טויזענד־יעהריגע מאָנאַרכיע געפאַלען. ס'איז ניט נייטיג געווען צו בעשטימען אַ נייעם נאָמען: אַלע, וועלכע זיינען געווען אין דער פאָלקס־פערזאַמלונג, האָבען זיך אויפגע־הויבען ווי איין מאַן און זיינען געבליבען שטעהן, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען אַרויסגעוואַקסען פון דער ערד. אויך דער קראַנקער דעפּוטאַט, וועמען מען האָט אַריינגעבראַכט אין אַ שטוהל, אויך ער האָט זיך אויפגעהויבען; געשטיצט פון זיינע פריינד, האָט ער אויסגעשטרעקט זיינע אַלטע, געלעהמטע פיס און האָט זיך אויפגעשטעלט, אָקוראַט ווי אַ דאַרער וואָרצעל, וועלכער ווערט געהאַלטען פון צוויי יונגע בוימלאַך.

„די רעפּובליק איז איינשטימיג אָנגענומען!" רופט זיך אימי־צער אָב מיט אַ קלינגענדער שטימע, וועמעס פרייד ערבעמיהט זיך אומזיסט צו פערבאָרגען. נאָר אַלע בלייבען שטעהען; עס פערגעהט איין מינוט, אַ צווייטע; דרויסען אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז אָנגעפילט מיט דעם וואַרטענדען פאָלק, הויבט זיך אויף אַ פרעהליכער טומעל, — נאָר דאָ אינעווייניג איז שטיל אַזוי ווי אין אַ קירכע און שטרענגע, פייערליך ערנסטע מענשען, פערגליווערט פון שטאָלצער עהרפורכט. פאַר וועמען שטעהען זיי? קיין קעניג איז מעהר ניטאָ; אויך קיין גאָט ניט, אָט דער קעניג און טיראַן פון הימעל! אויך ער איז שוין לאַנג אַרונטער־געשליידערט געוואָרען פון זיין הימלישען טראָהן. פאַר דער פרייהייט שטעהען זיי! דער אַלטער דעפּוטאַט, וועמעס גרייז־גראָער קאָפּ ציטערט שוין זייט פיעל יאָהרען אין דער שוואַכ־קייט פון דער עלטער, האַלט איהם אַצונד יונג און שטאָלץ; זיכער, מיט אַ לייכטען טאַך מיט דער האַנד, האָט ער זיינע פריינד אָבגעשטויסען אָן אַ זייט, ער שטעהט אַליין — די

פרייהייט האָט אַ נס בעוויזען! לעבענדיג אין שטורם, טומעל און בלוט, האָבען אָט די מענשען שוין לאַנג פערגעסען צו וויינען, אַצונד אָבער האָבען זיי געוויינט.

די שטאָלצע אָדלער־אויגען, וועלכע האָבען רוהיג, ניט אַ פינטעל טהאָנריג, געקוקט אין די בלוטיגע זונן פון דער רעוואָלוציאָן, פערטראָגען ניט דעם ווייכען גלאַנץ פון דער פרייהייט, און זיי וויינען.

אַ שטיל־שווייגען אין זאַאַל. ביי די פענסטער אַ גערויש. און דער גערויש ווערט שטאַרקער און גרעסער, און דערנאָך ווערט ער טעמפ, גלייכמעסיג און טעכטיג, אַזוי ווי דער גערויש פון דעם אונבעגרענעצטען אָקעאַן. איצט זיינען אָט די אַלע מענשען פריי. פ־יי דער שטאַרבענדער, פריי דאָס קינד ביי דער מוטער אין בויך, פריי דער לעבעדיגער. געפאַלען איז די געהיימניספולע מאַכט פון דעם איינעם, וועלכער האָט טויזענדער יאָהרען נאָכאַנאַנד געהאַלטען מיליאָנען אין קייטען, צוזאַמענגעבראָכען זיינען די שוואַרצע באַלקענס פון די טורמעס — און אַ ליכטיגער הימעל איבער די קעפ.

„פרייהייט!" שעפטשעט אימיצער אַרום שטיל און צערטליך אַזוי ווי דעם נאָמען פון דער געליעבטער.

„פרייהייט!" שרייט אויס אַן אַנדערער מיט אַן אינבעשרייבליכער פרייד, אויסער זיך, פול מיט שוואונג און בעגייסטערונג.

„פרייהייט!" קלינגט דאָס אייזען.

„פרייהייט!" זינגען די סטרונעס.

„פרייהייט!" קאָכט דער פיעל־קולות'דיגער אָקעאַן.

ער איז געשטאָרבען, דער אַלטער רעפּוטאַט; זיין האַרץ האָט ניט געקענט אויסהאַלטען די אונגעהייער גרויסע פרייד און איז שטעהן געבליבען, און זיין לעצטער קלאַנג איז געוועזן די פרייהייט. גליקליכסטער פון אַלע מענשען! אין געהיימניספולע

ערטער פֿון'ם טויט נעהמט ער מיט דעם אונענדליכען טרוים פֿון דער יונגער פֿרייהייט.

מען האָט מורא געהאַט פֿאַר ווילדע סצענען אין דער שטאָדט, אָבער ס'איז גאָרנישט געשעהן פֿון דעם סאָרט. דער אָטהעם פֿון דער פֿרייהייט האָט די מענשען אויסגעאיידעלט, זיי זיינען געוואָרען זאַנפֿט, צאַרט און צניעות'דיג אַזוי ווי מיידלאַך, ווען זיי גיבען זיך איבער איינע די אַנדערע זייער פֿרייד. זיי האָבען אפילו ניט געטאַנצט. זיי האָבען קוים געזונגען. זיי האָבען זיך בלויז אָנגעקוקט און זיך געלאַסטשעט, אַריבערלייגענדיג די הענד איינע איבער די אַנדערע: אַזוי אַנגענעהם איז עס געווען צו לאַסטשען אַ פֿרייען מענשען און איהם אַריינקוקען אין די אויגען. קיינער איז ניט געהאַנגען געוואָרען. ס'האָט זיך געפֿונען אַ משוגענער, וועלכער האָט צווישען המון הויך אויף'ן קול אויסגעשריען: „לעבען זאָל דער צוואַנציגסטער!" ער האָט זיך געדרעהט די וואָנציעס און זיך צוגעגרייט צו אַ קורצען קאַמפּף און אַ לאַנגזאַמען טויט אין די הענד פֿון דעם דערצאָרענטען פֿאָלק. שוין האָט איינער געקנייטשט מיט'ן שטערן פֿאַר כעס, נאָר די אַנדערע, דאָס רוב פֿון זיי, האָבען בלויז געשטוינט, האָבען זיך נייגיעריג אַרומגעקליבען אַרום דעם מאַן, וועלכער האָט אויסגעשריען די ווערטער, און איהם אָנגעקוקט, אַזוי ווי נייגיעריגע ביים פּאָרט בעקוקען אַן אַף, וואָס מען האָט אַרויבערגעבראַכט פֿון בראַזיליען.

און זיי האָבען איהם געלאָזט לויפֿען.

אָן דעם צוואַנציגסטען האָבען זיי זיך עראינערט ערשט שפּעט ביינאַכט. אַ גרופּע פֿון בירגער, וועלכע האָבען זיך באין אופֿן ניט געקענט שיידען מיט דעם דאָזיגען גרויסען טאָג און האָבען בעשלאָסען צו הוליען ביז בעגינען צו טאָג, האָבען זיך צופֿעליג דערמאָנט אָן דעם צוואַנציגסטען און זיינען אַוועק צום טהורם. דער שוואַרצער מויער האָט זיך כמעט פֿערשמאָלצען

מיט'ן הימעל, און אין דער רגע, וואָס די בירגער זיינען אָנגע־קומען, האָט ער פֿערשלונגען אַ שטערן. אַ קליין, העל שטערנ־דעל איז צוגעקומען גאַנץ נאָהענט, האָט אויפֿגעבליצט און איז פֿערשוואונדען אין דעם פֿינסטערן רוים. אַביסעל אונטער דער ערד האָבען געבלישטשעט אין'ם וואַרעמען ליכט צוויי קליינע קוק־לעכער: דאָרט זיינען געווען די וועכטער.

ס'האָט אָקאָרשט געשלאָגען צוויי אַזייגער.

„ווייסט ער עס, אָדער ווייסט ער עס ניט?" האָט זיך אָב־געררופֿען איינער פֿון די צוגעקומענע, בעטראַכטענדיג מיט פֿאַר־שענדע בליקען דעם שוואַרצען שד און זיך סטאַרענדיג איהם פֿונאַנדערצוגליעדערן. פֿון דער וואַנד האָט אָבגעטראָטען אַ דונקעלע געשטאַלט, און אַ שלאַפֿע, מיעדע שטימע האָט געענט־פֿערט:

„ער שלאָפֿט, בירגער."

„ווער זייט איהר, בירגער? איהר האָט אונז דערשראָקען, איהר געהט אַזוי שטיל ווי אַ קאַץ."

פֿון פֿערשיעדענע זייטען זיינען צוגעקומען נאָך עט־ליכע דונקעלע שאָטען־געשטאַלטען און זיינען שווייגענדיג געבלי־בען שטעהן לעבען דער קליינער פֿערזאַמלונג.

„פֿאַרוואָס ענטפֿערט איהר ניט?"

„וואָס זשע, איהר זייט אַ רוח? טאָ טראָגט זיך גלייך אָב! די פֿערזאַמלונג האָט אָבגעשאַפֿט די רוחות."

פונקט אַזוי שלאַף האָט געענטפֿערט דער אונבעקאַנטער:

„מיר בעוואַכען דעם טיראַן."

„האָט אייך די קאָמונע אָנגעשטעלט?"

„ניין, מיר אַליין. מיר זיינען דאָ זעקס און דרייסיג מאַן. עס זיינען געווען אונזערע זיבען און דרייסיג, נאָר איינער איז געשטאָרבען, מיר בעוואַכען דעם טיראַן. זינט צוויי מאָנאַטען,

אָדער פּילייכט שוין לייננער, לעבען מיר ביי די דאָזיגע ווענד.
מיר זיינען מיעד!"

„די נאַציאָן דאַנקט איך. ווייסט איהר, וואָס היינט איז געשעהן?"

„יאָ, מיר האָבען עפּעס געהערט. מיר בעוואַכען דעם טיראַן."

„אַז מיר האָבען איצט אַ רעפּובליק — פּרייהייט?"

„יאָ, מיר בעוואַכען דעם טיראַן, מיר זיינען מיעד!"

„לאָמיר זיך צוקושען, ברידער."

די קיהלע ליפּען האָבען פון איבען אויף בעריהרט די חייסע מיילער.

„מיר זיינען מיעד. ער איז אַזוי ביטרע און געפעהרליך. טאָג און נאַכט קוקען מיר אַריין אין אלע פּענסטער און טהירען. איך קוק אַצונד, זעהט איהר, אין דאָס דאָזיגע פענסטער. איהר ווערט איהם איצט ניט געפינען. פּרייהייט? זאָגט איהר, הייסט עס. דאָס איז גוט. אָבער מיר מוזען געהן אויף אונזער סלוזשבע. זייט רוהיג, בירגער! ער שלאָפט. מיר קריגען אַלע האַלבע שטונדע אַ נאַכריכט. ער שלאָפט."

די שאָטען-געשטאַלטען האָבען זיך צוריקגעצויגען און זיינען פּערשוואונדען, אָקוראַט ווי די ווענד וואָלטען זיי פּערשלונגען. דער שוואַרצער טהורם האָט איבגעזעהן נאָך העכער, און פון דעם לינקען שפּיץ האָט זיך געצויגען אַן אונגעהייער גרויסער וואָלקען צו דער שטאָדט צו. ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי דער טהורם וואָלט געוואַקסען, אַזוי ווי ער וואָלט אויסגעשטרעקט זיינע אָרעמס. פון דעם טיעפען חושך פון דער וואַנד האָט פּלוצלינג אויפגעפּלאַקערט אַ פּלאַם און איז פּערלאָשען געוואָרען; — איז דאָס געווען אַ צייכען? דער וואָלקען האָט זיך געצויגען איבער דער שטאָדט און איז געוואָרען געל פון'ם שיין פון די ליכט; אַ דינינקער רעגען האָט אָנגעהויבען טריפּען. ס'האָט געהערשט אַ מורא־שחורה'דיגע שטילקייט.

שלאָפט ער ווירקליך?

## V.

נאָך עטליכע טעג זיינען אַריבער אין דער נייער און ליעב־ליכער אַטמאָספֿערע פֿון דער פֿרייהייט, דאַן האָבען זיך ווידער איבעראַל פֿערשפרייט די פֿינסטערע פֿעדים פֿון פֿערדאַכט און פֿון מורא, אָקוראַט ווי שוואַרצע אָדער־ן אין ווייסען מאַרמאָר. מיט אַ פֿערדעכטיגער רוה האָט דער טיראַן אויפֿגענומען די ידיעה מכח זיין אָבזעצונג... ווי אַזוי קען אַ מענש, וועלכער ווערט בערויבט פֿון זיין הערשאַפֿט, בלייבען רוהיג, אויב ער האָט ניט אויסגעטראַכט עטוואָס שרעקליכעס? ווי אַזוי קען אַ פֿאָלק זיין רוהיג, ווען צווישען איהם לעבט אַ געהיימניספֿולע בריאה, וועלכע בעזיצט אַ מורא'דיגען כוח פֿון כשוף־מאַכעריי? ווי דערשלאָגען ער איז, הערט ער פֿונדעסטוועגען ניט אויף צו זיין מורא'דיג; ער איז, דוכט זיך, אין תפיסה, דאָך ווירקט ער פֿריי אַרוים דורך זיין טייפֿלישער מאַכט, וועלכע וואַקסט אַלץ מעהר, וואָס ווייטער זי איז. אָקוראַט ווי די ערד, וועלכע איז דונקעל אין דער נאָהענט, שטראַהלט ווי אַ ליכטיגער שטערן אין די בלאָע טיעפֿעניששען פֿון דעם וועלט־רוים. נאָר אויך אין דער נאָהענט ווייגט מען איבער זיינע ליידען. מען האָט געזעהן, ווי אַ פֿרוי האָט דער קעניגין די האַנד געקושט, מען האָט געזעהן, ווי אַ וועכטער האָט זיך אויסגעווישט אַ טרעהר פֿון אויג, מען האָט געהערט, ווי אַ רעדנער האָט געפֿריידיגט מיטלייד. עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זאָגאַר איצט ניט געווען אַסך גליקליכער איידער טויזענדער מענשען, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין ליכט ניט געזעהן און וועלכע מען האַלט איהם נאָך אַלץ אין איין ברייננגען אַלס אָפּפֿער. ווער קען ערב זיין דערפֿאַר, אַז דאָס לאַנד וועט זיך שוין מאָרגען ניט אומקעהרען צוריק צו דעם פֿריהער־דיגען שגעון, קריכען אויף די קניע, בעטען ביי איהם מחילה

און ווידער אויפֿריכטען דעם טראָהן, וועלכער איז מיט אַזוי פֿיעל מיה און לייד צושטערט געוואָרען?

דערצאָרענט און דערשראָקען הערט זיך דאָס מיליאָנען־קעפּיגע פֿאָלק צו צו די רעדען אין דער פֿערזאַמלונג. מאָדנע, נייע, שרעק־דערוועקענדע רעדען. זיי רידען פֿון זיין אונאָנריהר־באַרקייט — מכח דעם, אַז ער איז ניט צום אָנריהרען; אַז מען טהאָר איהם נישט משפּט'ן, ווי מען משפּט אַלעמען; אַז מען טהאָר איהם ניט שטראָפֿען, ווי מען שטראָפֿט אַלעמען; אַז מען טהאָר איהם ניט טויטען, ווייל ער איז אַ קעניג. עס זיינען נאָך פֿאַרהאַן קעניגע, הייסט עס! און דאָס זאָגען זיי, וועלכע שווערען אין איין אָטהעם ליעבע צום פֿאָלק און צו דער פֿרייהייט, דאָס זאָגען מענשען פֿון אויסגעפּרוּאווטער עהרליכקייט, פֿיינדע פֿון'ם טיראַן, זיהן פֿון דעם פֿאָלק, וואָס קומען אַרויס פֿון זיין שוים, פֿון'ם פֿאָלק, וואָס האָט די גרוּיזאַמע מאַכט פֿון די קעניגע צו־שמעטערט. אונגליקליכע בלינדהייט!

שוין קעהרט זיך די מעהרהייט אויף דער זייט פֿון די דער־שלאָגענע. עפּעס אַזוי ווי דער געלער וואָלקען, וואָס ציהט זיך פֿון טהורם, וואָלט זיך אַריינגעשפּאַרט אין די הייליגע קאַמערן פֿון דער פֿאָלקס־פֿערנונפֿט, אַזוי ווי ער וואָלט בעשאָטענט די העלע אויגען, אַזוי ווי ער וואָלט דערוואָרגען די יונגע פֿרייהייט — אַ יונגע כלה אין ווייסע בלומען, וועלכע שטאַרבט אונטער דער חופּה. אַנגסט און פֿערצווייפֿלונג פֿער'גנב'ענען זיך אין די הערצער, פֿיעל הענד כאַפּען זיך צו די וואַפֿען: בעסער שטאַרבען מיט ב ר ו ט ו ס'ן, איידער לעבען מיט אָ ק ט אַ ו י אַ'ן. עס לאָזען זיך הערען זייערע לעצטע צאָרנדיגע געשרייען: „איהר ווילט, אַז אין לאַנד זאָל זיין בלויז איין מענש און 35 מיליאָן פֿיה!"

יאָ, דאָס ווילען זיי. זיי שווייגען און לאָזען אַראָב די אויגען; זיי זיינען מיעד פֿון קאַמפּף און פֿון'ם שטרעבען — און אין זייער מאַטקייט, אין זייער ציהען זיך און גענעצען, אין זייערע בלאַסע,

נאָר מאַגיש ווירקענדע, קיהלע רעדען שווימען שוין ווידער אַרויף די סימנים, די צייכנונגען פֿון דעם טראָהן. איינצעלנע געשרייען, מרה־שחורה'דיגע רעדען, און דאָס בלינדע שווייגען פֿון דעם איינשטימיגען פֿערראַטה! עס שטאַרבט די פֿרייהייט, די כלה, בעפּוצט מיט ווייסע בלומען, וועלכע געפֿינט דעם טויט אונטער דער חופּה.

אָבער שאַ! מען הערט עפּעס, זיי קומען!

ס'ווייזט אויס, עפּעס אַזוי ווי עס וואָלט אָבגעקלונגען דער ברויזענדער געברויש פֿון הונדערט ריעזיגע פויקען. טראַם, טראַם, טראַם. — עס קומען די פֿאָרשטעדט! טראַם, טראַם, טראַם.— זיי קומען שטיצען די פֿרייהייט! ראַם, ראַם, ראַם. — וועה צו די פֿיגלינגע! טראַם, טראַם, טראַם! — וועה צו די פֿעררע־טהער!

דאָס פֿאָלק בעט די ערלויבעניש דורכצוגעהן פֿעריבער דער פֿערזאַמלונג.

צי איז דען מעגליך צו פֿערהאַלטען אַ שטיק לאַוואַ, וואָס שפּאַרט זיך אַרויס פֿון אַ וואולקאַן? ווער וועט עס סמייען אַ דעה זאָגען דער ערד־ציטערניש: ביז אַהער איז די ערד דיינע, ווייטער אָבער ריהר ניט אָן!

צאָרנדיג ווערען די טהירען אויפֿגעריסען: אָט זיינען זיי — די פֿאָ־שטעדט! פֿערשמירטע געזיכטער. אויפֿגעדעקטע בריסט. אַ פֿאַנטאַסטישער מיש־מאַש פֿון פֿערשיעדענפֿאַרביגע טראַנטעס אָנשטאָט קליידער. דער ליאַרם פֿון אַ שטורמדיגער, געוואַלדיגער אויפֿרעגונג. אַן אונגליק־אָנזאָגענדע אונאָרדנונג; אַ מאַרשירענדער כאָאָס. טראַם, טראַם, טראַם! גליהענדע, פֿלאַמענדע אויגען. שפּיזען, קאָסעס, קאָטשערעס און לאָפּעטעס. מענער, פֿרויען און קינדער. טראַם, טראַם, טראַם!

לעבען זאָלען די פֿערטרעטער פֿון פֿאָלק! לעבען זאָל די פֿרייהייט! טויט די פֿעררעטהער!

די דעפּוטאַטען שמייכלען אין פּערלעגענהייט, קוקען מיט פּערדרוס אויף דעם עולם, פּערנייגען זיך העפּליך. דער קאָפּ הויבט אָן שווינדלען, קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען פּיעל פּאַרבי־גען, אונענדליכען צוג, וועלכער זעהט אויס ווי אַ שטראָם, וואָס רייסט זיך און פּליסט דורך אַן איינגען אָרט. אַלע פּנים׳ער זע־העז עפּעס אויס אַזוי ווי עהנליך איינע צו די אַנדערע; אַלע געשרייען גיסען זיך צונויף אין איין איינציגען, איינטאָניגען גע־רויש; דאָס קלאַפּען מיט די פּיס איז עהנליך צו דעם אַרונטער־פּאַלען פון שווערע טראָפּענס רעגען אויף׳ן דאַך — איינשלעפּע־רענדיג, פּער׳שכור׳ענדיג.

ריעזיגע טראָפּענס אויף ריעזיגע דעכער. טראַם, טראַם, טראַם!

זיי געהען אַ שטונדע, אַ צווייטע, אַ דריטע. ס׳האָט שוין אַוודאי געמוזט ווערן נאַכט און זיי זיינען נאָך אַלץ געגאַנגען. פורפור־רויטע ליכט בלישטשען. די בײדע עפּנונגען—די איינע, דורך וועלכע דאָס פּאָלק שטראָמט אַריין, און די אַנדערע, דורך וועלכע עס פּערשווינדעט — זיינען שוואַרץ, אַזוי ווי צוויי גליה־ענדע מיילער: צווישען זיי ביידען אַ דונקעלער באַנד מיט אַ מעטאַל־גלאַנץ, ווי פון קופּער און אייזען. פּאַר די איינגעמאַ־טערטע אויגען בעווייזען זיך האַלוצינאַציעס: אונענדליך לאַנגע ריעמענס, דאַן ווידער אַן אונגעהייער גרויסער, אויסגעצויגענער, האָריגער וואָרם. די וואָס זיצען אויבען־אָן ביי די אַריינגענג. דוכט זיך אויס, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך געפּונען אויף אַ בריק און זיי וואָלטען אָנגעהויבען שווימען. און צווישען זיי די קלאָהרע און אויסערגעוועהנליך לעבעדיגע איבערצייגונג: דאָס איז דאָס פּאָלק! און שטאָלץ אין ק־אַפּט־געפּיהל און דער בעגעהר נאָך דער גרויסער, נאָך קיינמאָל ניט געזעהענער פּרייהייט. אַ פּריי פּאָלק — וואָס פּאַר אַ גליק! טראַם, טראַם, טראַם!

שוין אַכט שעה אַז זיי געהען, און עס נעהמט נאָך אַלץ

קיין סוף ניט. פֿון ביידע זייטען — וואו דאָס פֿאָלק שטראָמט אַריין און עס פֿערשווינדעט—שטורמט דאָס רעוואָלוציאָנס-ליער. קיין ווערטער קען מען ניט הערען, דייטליך ווערען נור: דער ריטהמוס, דאָס פֿאַלען און שטייגען פֿון די טענער, די פלעצליכע שטילקייט און די שטירמישע אויסבריכע. צו די וואַפֿען בירגער! קלייבט זיך צוזאַמען אין באַטאַליאָנען! לאָמיר געהן — לאָמיר געהן!

זיי געהען.

קיין אָבשטימונג איז ניט נייטיג. די פֿרייהייט איז נאָך אַמאָל גערעטעט.

## VI.

דער יום הדין, דער גרויסער טאָג פֿון געריכט איבער דעם קעניג איז ענדליך געקומען. די געהיימניספֿולע מאַכט, וועלכע איז אַזוי אַלט ווי די וועלט, מוז אָבגעבען דין וחשבון דעם פֿאָלק, וועמען זי האָט טויזענדער יאָהרען געקנעכטעט, דער וועלט, וועמען זי האָט אַלס טריאומפֿירענדער וואַהנזינן געשענדעט. בערויבט פֿון דעם גאָלדענעם טראָהן, פֿון די קלינגענדע טיטלען און פֿון אַלע סימבאָלען פֿון מאַכט, וועט זי זיך ווייזען פֿאַר'ן פֿאָלק און אַ קלאָהרען ענטפֿער געבען: פֿאַרוואָס זי איז געוועזן אַ מאַכט, וואָס האָט איהר געגעבען דעם כח און דאָס רעכט אין דער פערזאָן פֿון איין איינציגען מענשען צו געוועלטיגען איבער מיליאָנען, צו טהאָן אַלדאָס בייז און בלייבען אונבעשטראָפֿט, צו בעגעהן געוואַלט, צו רויבען די פֿרייהייט און פֿערשפרייטען טויט און אונגליק איבעראַל, וואו זי האָט זיך געקעהרט און געווענדט? דער צוואַנציגסטער איז שוין געוועזן אַן אָבגע'משפּט'ער, דאָס געוויסען פֿון'ם גאַנצען פֿאָלק האָט איהם שוין אין פֿאָראויס פֿער-אורטהיילט: קיין רחמנות איז ניטאָ און עס קען גאָר פֿאַר איהם

ניט זיין, דאָך זאָל ער פֿאַר דער הינריכטונג אויפֿדעקען זיין געהיימניספֿולע זעעלע, זאָל דעם פֿאָלק בעקאַנט מאַכען ניט מיט זיינע מעשים — די דאָזיגע זיינען אַלעמען בעקאַנט — נאָר מיט די געדאַנקען און די געפֿיהלען פֿון די קעניגע.

דער פֿאַבעלהאַפֿטער שד, וועלכער האָט פֿערשלונגען מייד־לאַך און געהאַלטען דאָס לאַנד אין שרעק, איז געלעגען געבונ־דענערהייט איף דעם שטאָדט־מאַרק, און באַלד זאָל דער המון זעהן זיין מיט שופּען בערעקטען רוקען, זיין געשפּאָלטענע צונג, זיין גרויזאַמען, פֿייער־שפּייענדען פּיסק.

אַן אונבעשטימטע אונרוהיגקייט האָט זיך גענומען פֿיהלען. שוין פֿון אָנהויב נאַכט אָן האָבען זיך דורך דער שטילער שטאָדט געצויגען נאָך אַלע זייטען גאַנצע מחנות מיליטער, אָנפֿילענדיג די פֿרייע פּלעצער און די גאַסען; אויף דעם גאַנצען וועג צום קעניג אַ וואַלד פֿון באַיאָנעטען, א וואַנד פֿון פֿינסטערע, שטרענגע געזיכטער. איבער די שוואַרצע געשטאַלטען פֿון די געביידען און די קירכען האָט אין דער דונקעלהייט פֿון דער נאַכט שוואַך געלויכטען אַ געלבליכער, מיט וואָלקען בערעקטער הימעל, דער קאַלטער הימעל פֿון די שטעדט, אַזוי אַלט ווי די הייזער, בע־דעקט מיט סאַזשע און ראָסט. ס'האָט אויסגעזעהן אַזוי ווי אַ קופּער־בילד אין איינעם פֿון די דונקעלע זאַאַלען איז אַז אַלטען ריטער־שלאָס.

די שטאָדט איז געשלאָפֿען אין אונזיכערער ערוואַרטונג פֿון דעם גרויסען און מורא'דיגען טאָג; נור דורך די גאַסען האָבען זיך לאַנגזאַם, מיט איינגעהאַלטענע טריט געצויגען מחנות פֿון בירגער, אומגעוואַנ־עלט אין סאָלדאַטען; מיט אַ שאַרפֿען גערויש האָבען זיך געקאַטשעט קאַנאָנען, און אויף יעדען איינעם האָט אָבגעגלאַנצט רויטליך דאָס פֿייערל פֿון דעם קנויט. מען האָט קאָמאַנדירט מיט אָבגעריסענע ווערטער, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט זיך געהיט ניט אויפֿצוואָוועקען די, וועלכע האָבען אַ שוואַכען און

אונרוהיגען שלאָף. צי זיי האָבען מורא געהאַט פֿאַר'ן קעניג, פֿאַר זיין זיכערהייט, אָדער פֿאַר איהם אַליין — האָט קיינער ניט געוואוסט, נאָר דאָס האָבען אַלע געוואוסט, אַז מען מוז זיך האַלטען גרייט און מען מוז צוזאַמענרופֿען און צונויפֿזאַמלען אַלע אינערליכע קרעפֿטען פֿון'ם פֿאָלק.

ס'האָט גענומען לאַנג ביז וואַנען ס'איז טאָג געוואָרען. צו־זאַמענגעדרעהטע וואָלקענס, געל, אומגעלומפּערט, זיינען געהאַנ־גען משופּע'דיג איבער די קירכען, און נור אין דער רגע, ווען דער קעניג האָט פֿערלאָזען דעם טהורם, האָט די זונן אַ בלישטש געטהאָן אין אַ בלויען שטיק הימעל. אַ גליקליכער צייכען פֿאַר דאָס פֿאָלק, אַ דראָהענדע וואַרנונג פֿאַר דעם טיראַן!

אָט ווי אַזוי מען האָט איהם געפֿיהרט: דורך אַ שמאָלען דורכגאַנג, געמאַכט פֿון געדיכט צונויפֿגעשפּאַרטע מחנות פֿון סאָלדאַטען, האָבען מאַרשירט בעוואַפֿענטע שורות: איינע, צוויי, צעהן — מען האָט זיי גאָר ניט געקענט איבערצעהלען; דאַן אַ שוואַרצע קאַרעטע, קוים וואָס זי האָט זיך געריהרט, טריט ביי טריט, איינג אַרומגערינגעלט פֿון געוועהר, שווערדען און באַיאָ־נעטען. און ווידער קאַנאָנען און בעוואַפֿענטע מחנות. און אויף דעם גאַנצען מייל־ווייטען וועג, פֿאַר דער קאַרעטע און הינטער איהר און אַרום און אַרום — אַ טויטען־שטילקייט. ביי איין שטעל פֿון דעם פּלאַץ האָט זיך געלאָזט הערען דער אונזיכערער געשריי פֿון עטליכע שטימען: „מויט דעם צוואַנציגסטען!", אָבער אַזוי ווי ער איז ניט אויפֿגעכאַפּט געוואָרען פֿון דעם המון, איז ער ווידער פֿערשטומט געוואָרען. אָקוראַט ווי ביי דער יאַגד פֿון ווילדע חזירים בילען נור די קליינע הינטלאַך, בעת ווען די, וועלכע דאַרפֿען זיך אַרויפֿוואַרפֿען אויף די אָפּפֿער, זאַמלען אָן קראַפֿט און האַס און שווייגען.

אין דער פֿערזאַמלונג הערשט אַן איינגעהאַלטענער ליאַרם און עס הערען זיך געשפּרעכען. שוין עטליכע שעה אַז זיי ער־

וואַרטען דעם לאַנגזאַם קריכענדען טיראַן, געהען אַרום אויפגע־רעגט אין די קאָרידאָרען, בייטען אַלע ווײלע די ערטער, לאַכען אָהן אַ שום גרונד און רעדען פיעבערדיג. אָבער אַסך זיצען און ריהרען זיך ניט פון אָרט, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען אויסגע־האַקט פון שטיין, און ווי שטיינער זעהען אייך אויס זייערע געזיכטער; יונגע געזיכטער, אָבער מיט אַלטע, טיעפע קנייטשען און צושויבערטע האָר; די אויגען ליגען, ביי די איינע אַריינגע־שפאַרט טיעף אין קאָפּ, ביי אַנדערע קריכען זיי אַרויס, פער־גליווערט, אויפגעריסען, אַזוי ווי זיי וואָלטען קיין ברעמען ניט געהאַט, אָקוראַט ווי פאַקעלען אין די שוואַרצע לעכער פון די געפּענגניס־ווענד. ניטאָ אין דער וועלט קיין שום שוידערליכעס, וואָס די דאָזיגע אויגען זאָלען ניט קענען אָנקוקען. ניט אַ פינ־טעל טהאָנדיג דערביי; ניטאָ קיין שום גרוזאַמע, טרויעריגע, שוידערליכע זאַך, פאַר וואָס אָט די געמיטהער, וועלכע זיינען פערהאַרטעוועט געוואָרען אין דעם שמעלץ־אויווען פון דער רעוואָלוציאָן, זאָלען פערציטערט ווערן. די, וועלכע האָבען צו־ערשט אָנגעפאַנגען דיזע גרויסע בעוועגונג, זיינען שוין לאַנג געשטאָרבען, צוזעעט און צושפּרייט איבער דער וועלט און פערגעסען געוואָרען; פערגעסען זיינען אויך געוואָרען זייערע געדאַנקען, זייערע האָפנונגען און טרוימען. דער פערהילכטער דונער פון זייערע רעדען קלינגט איצט דין, עהנליך צו דעם געראויש פון אַ קינדער־געשפּרעך; די גרויסע פרייהייט, פון וועל־כער זיי האָבען געטרוימט, זעהט אויס ווי אַ קינדער־בעטעל מיט אַ דינעם פאָרהאַנג צו פערשטעלען די פליגען און דאָס בליש־טשענדע ליכט פון טאָג. קליינע, מאָדנע מענשען, קאַרליקעס, וועלכע גראָבען אונטער אַ באַרג. אָבער די דאָזיגע, וועלכע זיינען אויפגעוואַקסען אין שטורם און האָבען געלעבט אין שטורם, געליעבטע קינדער פון די שרעקענס־טעג, — ווען מען האָט אַרומגעטראָגען די בלוטיגע קעפּ אַזוי ווי קירבעסען אויף די

שפּיצען פֿון די פּיקעס; מיט די איבערפֿולע הערצער, וועמעס בלוט עס האָט אַ־ויסגעשטראָמט אין געוואַלטיגע, טיטאַנישע רעדען; — רעדען, וואו יעדעס וואָרט איז געוועזן שאַרפֿער ווי אַ שפּיעז און יעדער גערעַנק פֿע־ניכטענדער איידער פּולווער און בליי,—אָט די דאָזיגע, קענענדיג בלויז דעם ווילען פֿון פֿאָלק, האָבען אַרויסגערופֿען די אָבגעשטאָרבענע געהיימניספֿולע מאַכט פֿון קבר, און אַצונד וועלען זיי קיהל אין בערעכענט, ווי גע־לערנטע אַנאַטאָמען, ווי ריכטער און הייגקער, אונטערזוכען דעם בלויען שוועבעל־גלאַנץ, וועלכער שרעקט די נאַ־ישע און אַבער־גלויביגע מענשען; זיי וועלען פֿונאַנדערנעהמען די גליעדער פֿון דעם בר־מינן, אויסגעפֿינען דעם שוואַ־רצען סם פֿון דער טיראַניי און איהם פֿערניכטען.

מיט אַמאָל, לעבען די מויערן הערט דער ליאַרם אויף און די שטילקייט ווערט טיעף און שוואַרץ ווי דער נאַכטליכער הימעל. נאָר הערט זיך צו! דונערנדיג קומען די קאַנאָנען אַלץ נעהנטער און נעהנטער צום פּלאַץ. זיי פֿערשטומען. ביים אַריינגאַנג ווערט אַ שטיקעל גערודער. אַלע זעצען זיך אוים — זיי מוזען דעם טיראַן מקבל פּנים זיין ויצענדיגערהייט. מען סטאַרעט זיך אויס־צוזעהן גלייכגילטיג. עס הערען זיך שווערע טריט פֿון די סאָל־דאַטען, וואָס טהיילען זיך פֿונאַנדער איבער די פֿערשיעדענע טהיילען פֿון דער געביידע, עס הערט זיך אויך אַ שטילער גערויש פֿון זייער געוועהר. הינטער די ווענד שטאַרבט אָב דער רעש פֿון די קאַנאָנען. מיט אַן אייזערנעם רינג, די מיילער אויסגעשטעלט נאָך דרויסען, אַנטקעגען די גאַנצע וועלט, נאָך מזרח און מערב, נאָך צפון און דרום, רינגלען זיי אַרום די געביידע.

עפּעס אַ קליינע זאַך איז אַ־ריינגעקומען אין זאַאַל.

פֿון די אויבערשטע, דערווייטערטע ווינקלען זעהט עס אויס אַזוי ווי אַ קליין, קיילעכדיג מענשעלע מיט שנעלע, נאָר אונזי־כערע בעוועגונגען; אין דער נאָהענט איז דאָס אַ דיק־בייכיגער

מאַן פֿון מיטעלען וואוקס מיט אַ גרויסער רויטער נאָז פֿון קעלט, מיט אַ צוקנייטשטער הויט אויף די באַקען, מיט קליינע, מאַטע אויגעלאַך — אַ מיש־מאַש פֿון גוטמוטהיגקייט, יאָמערליכקייט און דומהייט. ער דרעהט מיט׳ן קאָפּ אַהין און אַהער, ווייסט ניט, צי מען גריסט איהם צי ניט, און פֿערנייגט זיך שטילער־הייט; אונענטשלאָסען שטעהט ער מיט פֿונאַנדערגעשפּרייטע פֿיס און ווייסט ניט, צי זאָל ער זיך זעצען אָדער ניט. אַלע שווייגען, נאָר הינטער איהם שטעהט אַ שטוהל, מישמעות פֿאַר איהם, זעצט ער זיך אַנידער, תחילת אונענטשלאָסען, דערנאָך בעהאַרצטער, — ענדליך מיט אַן אַריסטאָקראַטישער האַלטונג. אָט אַפּנים ער האָט אַ קאַטאַר, ציהט ער אויף גיך אַרויס זיין טאַשענטיכעל און שנייצט זיך עטליכע מאָל גוט אויס די נאָז מיט גאַנץ הויכע, שמעטערענדע טרומפּייטען־טענער. דאַן זעצט ער זיך ווידער ווי געהעריג איז אויף׳ן שטוהל, שטעקט אַריין דאָס טאַשענטיכעל און ווערט פֿערגליווערט אין גרויסאַרטיגקייט. ער איז גרייט.

דאָס איז געווען דער צוואַנציגסטער!

## VII

אַ קעניג האָט מען ערוואַרטעט, און אַ נאַר איז געקומען. אַ שר האָט מען ערוואַרטעט, און געקומען איז אַ פֿערקאַטערטער קרעמער מיט אַ טאַשענטיכעל. ס׳איז געווען לעכערליך און מאָדנע און טאַקי אונאַנגענעהם אויך. צי האָט מען ניט אַקאָרשט אונ־טערגערוקט אַן אַנדערן אויף זיין אָרט?

„איך בין עס, דער קעניג!" האָט דער צוואַנציגסטער גע־זאָגט.

יאָ, ער איז עס! ווי לעכערליך! אָט אַזוי זעהט אויס אַ קעניג! מען שמייכעלט, מען ציהט מיט די אַקסלען, מען האַלט איין דעם געלעכטער און מען ווינקט זיך דורך מיט אַ שפּאָטישען שמייכעל פֿון איין עק זאַל צום אַנדערן, עפּעס אַזוי ווי מען

וואָלט געפֿרעגט: „איז ער ניט שעהן?" די דעפּוטאַטען זיינען ערנסט, זעהר ערנסט, זאָגאַר בלייך; אָט אַפּנים די פֿעראַנטוואָרטליכקייט ליגט זיי ווי אַ שטיין אויף'ן האַרצען. נאָר דאָס פֿאָלק פֿרעהט זיך שטילערהייט. ווי אַזוי האָט עס זיי גאָר געקענט געלינגען זיך אַריינצושפּאַרען אין די פֿערזאַמלונג? זיי האָבען גאָר פּשוט געמוזט ווי וואַסער אַריינרינען דורך די הויכע פֿענסטער, דורך די שפּאַלטען און די ריצען, פֿיליכט גאָר דורך'ן שליסעל־לאָך; הונדערטע פֿון טראַנטעוואַטע, אָבגעריסענע, אָבער דורכאויס פֿריינדליכע און העפֿליכע אונבעקאַנטע. זיי רינגלען אַרום די דעפּוטאַטען און פֿרעגען:

„שטערען מיר אייך ניט, בירגער?"

זיי זיינען זעהר מאָדנע. אין דונקעלע גרופּען שפּאַרען זיי זיך צונויף אַזוי ווי פֿויגעל אויף דעם פֿענסטער־שוועל, פֿערשטעלענדיג דאָס ליכט, און מיט די הענד טעלעגראַפֿירען זיי עפּעס אַרויס אויף דרויסען. אָט אַפּנים עפּעס לוסטיגעס.

אָבער די דעפּוטאַטען זיינען ערנסט, זאָגאַר בלייך. זיי שטעלען אויס זייערע אויסגעסטאַרטשעטע אויגען אַזוי ווי שפּאַקטיפֿען אויף דעם צוואַנציגסטען, בעטראַכטען איהם אַ היבשע ווײלע און קעהרען זיך דערנאָך אָב מיט פֿערפֿינסטערטע שטערענס. אַ טהייל פֿון זיי האַלטען די אויגען צוגעמאַכט, משמעות אַז זיי פֿיהלען אַן עקעל צו קוקען אויף'ן טיראַן.

„דעפּוטאַט! בירגער!" שעפּטשעט מיט קאָמישען שרעק איינער פֿון די אָנשטענדיגע אונבעקאַנטע. „טהוט נור אַ קוק, ווי דעם טיראַן'ס אויגען גליהען!"

און ניט אויפֿהויבענדיג די אַראָבגעלאָזטע ברעמען, ענטפֿערט דער דעפּוטאַט:

„יאָ."

„ווי האָט ער זיך דאָס אַביסעל אָנגעטרונקען מיט אונזער בלוט!"

„יאָ.״

„איהר זייט ניט אויפגעליינגט צו ריידען, בירגער.״

שטיל־שווייגען. אונטען מורמעלט דער צוואַנציגסטער וואָס עס איז. ער פערשטעהט ניט, וועגען וואָס מען קען איהם אָנ־קלאָגען, ער האָט זיין פאָלק אימער געליעבט, און דאָס פאָלק האָט איהם געליעבט. און אויך אַצונד האָט ער עס ליעב, ניט קוקענדיג אויף די אַלע זלזולים, וואָס מען וואַרפט אויף איהם. און אויב מען גלויבט, אַז מיט אַ רעפובליק וועט דעם פאָלק בעסער זיין, טאָ זאָל זיין אַ רעפובליק, ער האָט גאָרנישט דאַ־געגען.

„פאַרוואָס זשע האָסט דו גערופען די אַנדערע טיראַנען?״

„איך האָב זיי ניט גערופען, זיי זיינען געקומען פון זיך אַליין.״

אַ ליגנערישער תירוץ, מען האָט געפונען פערשטעקטע דאָ־קומענטען, ער אָבער לייקענט אויף אַ גאַנץ גראָבען און דומען אופן, ווי דער ערשטער בעסטער זשוליק, וועמען מען בעשולדיגט אין בעטרוג. ער פיהלט זיך זאָגאַר בעליידיגט, מחמת ער האָט ווירקליך כסדר נור דאָס פאָלק אין זינען געהאַט. ס׳איז ניט אמת, אַז ער איז גרויזאַם, ער האָט תמיד בעגנאַדיגט, וואו ס׳איז נור מעגליך געווען. ס׳איז ניט אמת, אַז ער האָט דאָס לאַנד חרוב געמאַכט, מחמת ער האָט ניט אויסגעגעבען פאַר זיך מעהר ווי וואָס פאַר עס איז רייכער בירגער. ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין הולטאַי, האָט קיינמאָל ניט פערשווענדעט קיין געלד. ער האָט ליעב די גריכישע און לאַטיינישע קלאַסיקער און די סטאָ־לעריי, די מעבעל ביי איהם אין אַרבייטס־צימער זיינען פון איהם אַליין געמאַכט.

דאָס איז ריכטיג. אַז מען בעטראַכט איהם גענוי, זעהט ער ווירקליך אויס ווי אַ בעשיידענער בעל הבית׳ישער קרעמער; אַזעלכע גראָבע בייכער מיט גרויסע טרומייטער־נעזער קען מען

יעדען יום טוב זעהן מאַסענווייז ביים ברעג טייך, ווי זיי שטעהען דאָרט שטונדען־לאַנג און כאַפּען פיש. אונבעדייטענדע, לעבער־ליכע מענשען מיט גרויסע נעזער.

אָבער ער איז דאָך געווען קעניג! ווי קומט דאָס? אויף אַזאַ'ן אופן קען דאָך יעדער איינער זיין אַ קעניג! אויף אַזאַ'ן אופן קען דאָך אפילו אַ גאָרילאַ ווערן אַן אונבעשריינקטער הערשער איבער מענשען! איך איהם וואָלטען זיי אויפגעשטעלט אַ פערגאָלדעטען טראָהן און איהם אָבגעגעבען דעם גרעסטען כבוד, אויך ער וואָלט די מענשען אַרויסגעגעבען געזעצען — אַ גאָרילאַ מיט אַ האָריגען לייב, וואָס קומט צו קריכען פון די וועלדער.

דער קורצער הערבסט־טאָג האַלט ביים פערגעהן, און דאָס פאָלק הויבט אָן אַ־רויסווייזען זיין אונגעדולדיגקייט: נאָך וואָס אַזוי פיעל צערעמאָניעס מיט'ן טיראַן? צי איז עס ניט אַקאָרשט אַ נייער פערראַטה? אין אַ האַלב־דונקעלען צימער, וואו עס הערשט אַ טיעפע שטילקייט, בעגעגענען זיך צוויי דעפּוטאַטען, וועלכע האָבען פערלאָזען די פערזאַמלונג. זיי קוקען זיך אָן איי־נער דעם צווייטען, דערקענען זיך און געהען שווייגענדיג איינער לעבען אַנדערן, אויסמיידענדיג צוליעב וואָס פאַר עס איז אור־זאַכע זיך חלילה ניט אָנצוריהרען איינער אָן צווייטען. זיי געהען אַרויף און אַראָב.

„וואו איז פאָרט דער טיראַן?" רופט זיך פלוצלינג אָב איינער פון זיי, אָנכאַפּענדיג בעת מעשה דעם אַנדערן ביי דער שולטער. „זאָג מיר, וואו איז דער טיראַן?"

„איך ווייס ניט, כ'שעהם זיך אַריינצוגעהן אַהין!"

„שוידערליכער געדאַנק! וואָס זשע, אָט די גאָרנישטקייט איז די טיראַניי? צי זיינען דען ווירקליך גאָרנישטען — טיראַ־נען?"

„איך ווייס ניט, כ'שעהם זיך."

אין דעם קליינעם שטיבעל איז געווען שטיל, נאָר פון אַלע זייטען, פון דער פערזאַמלונג, פון דעם פלאַץ, וואו דאָס פאָלק האָט זיך געשפאַרט, האָט זיך אויפגעהויבען אַ גלייכמעסיגער, געוואַלדיגער גערויש. מעגליך אַז יעדער איינצעלנער האָט גערעדט שטיל, נאָר די שטימען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אינאיינעם און אַרויסגעגעבען פון זיך אַ ווילדען טומעל, וואָס האָט געקלונגען ווי דער גערויש פון דעם וייטען אָקעאַן. אויף די ווענד האָבען געפלאַקערט רויטע פאַסען און פלעקען. מען האָט אוראי אונטען אָנגעצונדען פאַקעלען. ערגעץ ניט ווייט הערט מען שווערע טריט און אַ שטילען גערויש פון וואַפען, — דאָס האָבען זיך וואַכען איבערגעביטען. ווען האָבען זיי בעוואַכט? איהם הייסט עס?

„מען מוז איהם אַרויסוואַרפען פון לאַנד!"

„ניין, דאָס וועט דאָס פאָלק נים דערלאָזען, ער מוז גע־טויטעט ווערן!"

„דאָס וועט דאָך אָבער זיין אַ נייער פעררעטה!"

אויף די ווענד לויפען אַרום פורפור־רויטע ליכט־שטראַהלען, קריכען און יאָגען זיך אַרום אומגעלומפערטע, מרה שחורה'־דיגע געשטאַלטען; ס'זעהט אוים, עפעס אַזוי ווי די בלוטיגע טעג פון דער פערגאַנגענהייט און פון דער געגענוואַרט וואָלטען אַזוי ווי אין חלום דאָ פערבייגעגאַנגען אין אַן אונענדליכען צוג. דער ליאַרם אויף'ן פלאַץ ווערט גרעסער און גרעסער; שוין הערען זיך איינצעלנע געשרייען.

„צום ערשטען מאָל אין לעבען האָב איך היינט פחד גע־האַט!"

„און פערצווייפלונג און שאַנד!"

„יאָ, פערצווייפלונג. גיב מיר די האַנד, ברודער. ווי קאַלט זי איז!... דאָ פנים אל פנים אַנטקעגען דער אונבעקאַנטער געפאַהר, אין אויגענבליק פון דער גרויסער שמאַך און שאַנד,

לאָמיר שווערען, אַז מיר וועלען ניט פֿערראַטהען די אונגליקליכע פֿרייהייט! מיר וועלען צו גרונד גהען, דאָס פֿיהל איך היינט, אָבער שטאַרבענדיג וועלען מיר רופֿען: „פֿרייהייט, פֿרייהייט, ברידער!" אַזוי הויך וועלען מיר עס אַרויסשרייען, אַז די גאַנצע וועלט פֿון שקלאַפֿען וועט פֿערציטערט ווערן פֿאַר שרעק... ברודער, דריק פֿעסטער מיין האַנד!"

און ס'איז ווידער שטיל געוואָרען, די פורפור־רויטע פֿלעקען האָבען געפֿלאַקערט אויף די ווענד, און די משונה'דיגע און שטומע שאָטענס האָבען זיך בעוועגט ערגעץ־וואו. נאָר אויף דרויסען האָט עס גערוישט און געקאָכט אַזוי ווי פֿון די טיעפֿסטע טיעפֿענישען. עפּעס אַזוי ווי אַ מורא'דיגער שטורם־ווינד וואָלט זיך אויפֿגעהויבען — פֿון צפון און דרום, פֿון מזרח און מערב, מיטרייסענדיג די ציטערנדע מאַסע אין דער לופֿטען. אָבגעריסענע ליעדער, אַ ליאַרם, און פֿון דעם מיש־מאַש פֿון די טענער האָט זיך אויף אַ מאָמענט שאַרפֿען איפּן אַ־ויכגעהערט דאָס איינע וואָרט:

„טויט, טויט דעם טיראַן!"

זיי זיינען געשטאַנען און האָבען זיך צוגעהערט און געטראַכט. די צייט איז פֿערביי, און זיי זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען, זיך ניט ריהרענדיג פֿון אָרט, אין מיטען פֿון די קאָכענדיגע פֿייערדיגע און רויכ־דיגע שאָטענס, און ס'האָט אויסגעזעהן, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען דאָ געשטאַנען זייט טויזענד יאָהר. טויזענד דורכזיכטיגע יאָהרען האָבען זיי אַרומגענומען מיט אַ גרויסען, מורא'דיגען אייבינקייטס־שטילשווייגען. די שאָטענס האָבען זיך געקאָכט, דער נעשרייי האָט זיך אויפֿגעהויבען און איז אַרונטערגעפֿאַלען, און האָט זיך ווידער אויפֿגעהויבען צו די פֿענסטער אַרויף. מינוטען־לאַנג האָט מען געקענט דייטליך הערען דעם מערקווירדיגען קלאַנג פֿון דער כוואַליע:

„טויט!... טויט דעם טיראַן!"

„קום, לאָמיר אַריבערגעהן אַהין!"

„יאָ, לאָמיר געהן. דומקאָפּ וואָס איך בין! איך האָב גע־מיינט, דער היינטיגער טאָג וועט מאַכען אַ סוף צו דעם קאַמפּף מיט דער טיראַניי."

„אַך, דער הויבט זיך ערשט אָן. לאָמיר אָקאָרשט געהן!"

דונקעלע גענג, שטיינערנע טרעפּ, שטילע, קיהלע זאַלען, אַזוי פֿערשטיקט ווי אַ קעלער... מיט אַמאָל טהוט אַ שיין אַ ליכט, אַ פייער, אַזוי ווי פון אַ שרפה׳נדען איוווען, שלאָגט די קומענדע אין די פּנים׳ער, אין זייערע אויערן שפּאַרען זיך אַריין הויכע, משונה׳דיגע קולות, עפּעס אַזוי ווי הונדערט פּאַפּאַגייען וואָלטען געשריען; יעדער אָלץ פאַר זיך. אַ געעפענטע נידעריגע טהיר — און ביי זייערע פיס אַן אונגעהייער גרויסע, האַלב־דונקעלע, אָנגערויכערטע היהל, פול מיט קעפּ; רויטע ליכטלאַך, וואָס ווערן כמעט פערשטיקט אין דער שווערער, גערוכטער לופט.

ערגעץ־וואו רעדט מען, דאַן אַ פּאַטשעריי מיט די הענד; דאָס האָט אַ רעדנער אוהאַי אָקאָרשט געמוזט ענדיגען זיין רעדע.

גאַנץ אונטען אין דער היהל, צווישען צוויי טריפּענדע ליכט, קען מען זעהן די געשטאַלט פון דעם צוואַנצינסטען. ער ווישט זיך דעם שטערן מיט׳ן טיכעל, בויגט זיך טיעף אַריבער דעם טיש און מורמעלט עפּעס וואָס עס איז אונפערשטענדלי־כעס: — דאָס האַלט ער זיין ערשטע פערטהיידיגונגס־רעדע. ווי הייס איהם איז! נו, יאָ, צוואַנצינסטער! דו ביסט דאָך עפּעס אַ קעניג! הויב אויף דיין שטימע, איידעל אויס די תליה אין דעם תליון!

ניין, ער מורמעלט עפּעס, — דער דומקאָפּ, דער טראַגיש־ערנסטער!

## VIII

אַסך האָבען פֿון די דעכער אַראָב געקענט זעהן די הינריכ־טונג פֿון דעם קעניג; נאָר אויך אויף די דעכער איז נים געווען גענוג אָרט פֿאַר אַלעמען, און מחמת דעם זיינען געווען אַזעלכע, וועמען ס'איז נים בעשעהרט געווען צו זעהן, ווי קעניגע ווערן הינגעריכטעט.

אָבער די הויכע, איינגע הייזער, מיט שוואַרצע, פֿלאַטערנדע האָר, אָנשטאָט דעכער, האָבען אויסגעזעהן עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען לעבעדיג געוואָרען; און די געעפֿענטע פֿענסטער האָבען אויסגעקוקט ווי שוואַרצע, פֿונקלענדע אויגען. הינטער די הייזער האָבען זיך, ווי געוועהנליך, אויפֿגעהויבען הויכע און שפּיציגע גלאָקען־טהורעמס צום הימעל אַרויף, נאָר אַז מען האָט זיך גענויער צוגעקוקט, האָט מען בעמערקט, אַז אַ טהייל באַלקענס זיינען געווען גאַנץ שוואַרץ און האָבען זיך כמעט בעוועגט אַהין און אַהער: אויך דאָ איז געשטאַנען אַן עולם. מען האָט, אמת, גאָר נישט געקענט זעהן פֿון דאָרט, פֿונדעסטוועגען האָבען זיי געקוקט. פֿון די דעכער אַראָב האָט דער שאַפֿאָט אויסגעזעהן אַזוי קליין ווי אַ קינדער־שפּיעלכעל — אַן ערך ווי אַן אומגע־וואָרפֿענעס קינדער־וועגעלע מיט צובראָכענע הענטלאַך. די איינצעלנע מענשען אַרום דעם שאַפֿאָט, די איינציגע, וואָס מען האָט נאָך ווי עס איז געקענט זעהן פֿאַר זיך אויף'ן פלאַץ, — וויל אַלעס איבעריגע האָט זיך צונויפֿגעשמאָלצען אין אַן אויס־געמישטער, צונויפֿגעדריקטער מאַסע, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ מערקווירדיגער, שוואַרצער גאַז־שלייער, — אָט די איינצעלנע מענשען האָבען אויף אַ לעבערליכען אופן דערמאָנט אָן מוראַש־קעס, וועלכע זעצען זיך אויס אויף די הינטערשטע פֿיסלאַך. אַלעס האָט אויסגעזעהן גראַד, זיי אָבער האָבען אַרומגעקלעטערט לאַנגזאַם און מיעד אויף אונזיכטבאַרע טרעפּ און האָבען זיך

בעווענט אַהין און אַהער. און ס'האָט עפּעס אויסגעקוקט מאָרנע, וואָס גאַנץ נאָהענט אויף'ן דאַך זיינען געשטאַנען מענשען מיט גרויסע קעפּ, גרויסע מיילער און גרויסע נעזער.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט דער געררויש פֿון די פּויקען.

אַ קליינער, פֿערמאַכטער וואָגען האָט זיך בעוועגט צום שאַפֿאָט; אַ לאַנגע צייט האָט מען גאָרנישט געקענט דערזעהן אויף ריכטיג וואָס דאָרט טהוט זיך. דאַן האָט זיך אָבגעריסען אַ הייפּעלע און איז גאַנץ לאַנגזאַם אַרויף אויף די אונזיכטבאַרע טרעפּ. ס'האָט זיך אויפגעלייזט אין איינצעלנע טהיילען, איז פֿונאַנדערגעפֿאַלען, — בלויז איין פֿיגורעלע איז געבליבען אין מיטען.

די פּויקען האָבען גענומען קלאַפּען. די הערצער זיינען פֿערגליווערט געוואָרען. שנעל און הייזעריג האָט דער פּויקען־גערויש אויפגעהערט און איז פֿערשטומט געוואָרען. דאָס פֿיגורעלע האָט אויפגעהויבען אַ הענטעלע, עס אַרונטערגעלאָזען און עס ווידער אַמאָל אויפגעהויבען. על כל פּנים רעדט ער עפּעס, נאָר מען קען גאָר נישט הערען. וואָס רעדט ער פֿאָרט? עס רעש'ן די פּויקען, זיי צורייבען די לופֿט אין מיליאַרדען ציטערנדע טהיילכעלאַך און מאַכען עס איינפֿאַך אונמעגליך צו זעהן.

אויף דעם שאַפֿאָט ריהרט זיך עפּעס. דאָס קליינע פֿיגורעלע איז נעלם געוואָרען. עס ווערט הינגעריכטעט. די פּויקען קראַכען און הערען ווידער שנעל און הייזעריג אויף. אַ שטילקייט. אויף דעם אָרט, וואָס דער צוואַנציגסטער האָט אָקאָרשט נאָך פֿערנומען, שטעהט אַן אַנדער פֿיגורעלע מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנד. אין דער האַנד האַלט עס אַ גאַנץ קליינע זאַך, וואָס איז אויף איין זייט העל און אויף דער אַנדער זייט דונקעל, — ווי אַ שפּיקעט קעפּעל, בצמאָלט מיט צוויי פֿאַרבען. דאָס איז טאַקי געוועזען דעם קעניג'ס קאָפּ. ענדליך...

...אונטער די שפּאָטישע געשרייען פֿון דעם המון, איהם

אָבשטויסענדיג צוריק, האָט מען אוועקגעפיהרט דעם ארון מיט'ן קערפּער און דעם קאָפּ פון'ם קעניג; ווי האָבען מורא געהאַט, אַז דעם פאָלק'ס צאָרן זאָל אפילו דעם טויטען קערפּער פון'ם קעניג ניט שאַנעווען. וואָרים דאָס פאָלק איז געווען שרעקליך. אין דער איינגעוואָרצעלטער שקלאַפען-מורא האָט עס נאָך אַלץ ניט געגלויבט אין דעם, אַז אַזוי וואָס זאָל קענען טרעפען, אַז דער אונאָנריהרבאַרער, אונדערגרייכבאַרער, מעכטיגער הערשער האָט אַרונטערגעלייגט זיין קאָפּ אונטער דעם היינקער'ס האַק. פול מיט אַנגסט און בלינד שפּארט עס זיך צום שאַפאָט: די אויגען קענען דאָך אַ טעות האָבען, דער אויער נאַרט אַמאָל אָב... מען מוז דעם שאַפאָט בעטאַפּען, דעם ריח פון'ם קעניגליכען בלוט אין זיך איינאָטהמען, די הענד ביז צום עלענבויגען אין דעם אַריינשטעקען. זיי רייסען זיך, זיי שלאָגען זיך, עטליכע פאַלען אַנידער, מאַכען קולות; עטוואס ווייבעס, אַזוי ווי אַ צוואַמענגעדרעהבע שטאַטע, וואַלגערט זיך אונטער די פיס. איין צודריקטער, אַ צווייטער, עטליכע...

אַז זיי קומען צו צו דעם אָנגעוואָרפענעם הויפען, וואָס איז געבליבען פון דעם שאַפאָט, בריבען זיי מיט ציטערנדע הענד אָב קליינע שטיקלאַך, רייסען אַרויס די טשוועקעס, נעהמען גיער-ריג און בלינד אָן גאַנצע באַלקענס און פאַלען אַנידער עטליכע טריט ווייט אונטער זייער לאַסט. די מאַסע קליבט זיך אָן איבער די קעפּ פון די געפאַלענע, די באַלקענס טויבען אויף אַזוי ווי לעבעדיג, שווימען מיט, פערזינקען ווידער און ענדליך פערשווינ-דען זיי גאָר. זיי געפינען אַ לוזשקע נאָך ניט אייסגעטריקענטע בלוט, מונקען זיי איין אין דעם זייערע טיכלאַך און זייערע קליידער. אַ טהייל בענעצען זייערע ליפּען מיט'ן בלוט און מאַבען זיך אויף'ן שטערן מאָדנע צייכענס; מיט דעם קעניג'ס בלוט זאַלבען זיי די נייע מלוכה פון דער פרייהייט.

אַ ווילדע פריד פערשבור'ט זיי. אָהן געזאַנג, אָהן ווערטער

דרעהען זיי זיך אַרום אין איין אָטהעם, טאַנצענדיג; אָהן אַ שום ציעל לויפען זיי אַרום אַהין און אַהער, אויפהויבענדיג די בלוט־בעפלעקטע שמאַטעס צום הימעל, און אַזוי שפרייטען זיי זיך פונאַנדער איבער דער שטאָדט, מיטפיהרענדיג מיט זיך ליאַרם און געשריי און אַן אונאויפהערליכען, מאָדנעם געלעכטער. זיי פרואווען זינגען, נאָר דאָס ליעד איז פאַר זיי צו לאנגזאַם, ס'פליסט צו רוהיג און ס'קלינגט צו ריטהמיש, און אויף'ם ניי געהען זיי אַריבער צו געלעכטער און געשריי. זיי איילען זיך, זיי לויפען דאַנקען די פערזאַמלונג, דערפאַר וואָס זי האָט בעפרייט דאָס פאָטערלאַנד פון דעם טיראַן. אינטערוועגנס טרעפען זיי אָן אַ פעררעטהער, וואָס שרייט: „דער קעניג איז טויט! לעבען זאָל דער קעניג! לעבען זאָל דער איין און צוואַנציגסטער!", יאָגען זיי זיך נאָך איהם. דאַן לויפען זיי ווייטער — איינער איז אויפגעהאַנגען געוואָרען.

אַסך, וועלכע האָבען דעם קעניג ביי זיך אין האַרצען ווייטער ליעב געהאַט, האָבען גאָרנישט געקענט אַריבערטראָגען דעם געדאַנק, אַז ער איז הינגעריכטעט געוואָרען, און זיי זיינען אַראָב פון זינען. פיעל פון זיי, זאָגאַר פייגלינגע, האָבען זיך גענומען דאָס לעבען. ביז צו דער לעצטער רגע האָבען זיי ערוואַרט עטוואָס אונפאָראויסגעזעהענעס, אויף וואָס פאַר ס'איז רעטונג פאַר איהם האָבען זיי געהאָפט און געגלויבט אַז זייערע תפלות וועלען איהם העלפען. נאָר אַז די הינריכטונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען, זיינען זיי אַריינגעפאַלען אין פערצווייפלונג און האָבען זיך דערשטאָכען מיט מעססערס, די איינע שטיל און פערהאַרטעוועט, אַנדערע מיט צאָרנדיגער גאָטעס־לעסטערונג. עס זיינען אייך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבען דערפיהלט אין זיך אַ ווילדע בייַנקשאַפט נאָך די שרעקליכע מאַרטירעריי, זיינען זיי אַרוים־געלאָפען אין גאַס, האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אַנטקעגען דעם

שטורמדיגען פֿאָלקס-װאולקאַן און װי פֿערריקטע געשריען: „לעבען זאָל דער איין און צװאַנציגסטער!"

און זיי ווינען צו גרונד געגאַנגען...

דער טאָג איז פֿאַרביי; די נאַכט האָט זיך אַראָבגעלאָזט איבער דער שטאָדט, אַ פֿינסטערע, גערעכטע נאַכט, בלינד פֿאַר יעטװעדע אונטערשיידונג. אין דער שטאָדט האָבען נאָך געברענט אַסך ליכט, אָבער דער טייך אונטער דער בריק איז פֿונדעסטװעגען געװען שװאַרץ אַזוי װי פֿליסיגע כאַזשע; נאָר דאָרט אין װינקעל, װאו דער בלייכער, קיהלער זונען-אונטערגאַנג האָט נאָך געלאָזט אַ שפור הינטער דעם ברייטען, אָבגעניצטען טהורם, האָט דאָס װאַסער געגלאַנצט מאַט, אַזוי װי די קיהלע אָבשפּיגלונג פֿון פּאָלירטען מעטאַל. צװיי געשטאַלטען זיינען געשטאַנען אייף דער בריק, און זיך אָנשפּאַרענדיג אויף'ן ראַנד, האָבען זיי אַריינגעקוקט אין די רעטהזעלהאַפֿטע, פֿינסטערע טיעפֿקייט.

„גלויבסט דו, אַז מיט היינטיגען טאָג איז שוין די פֿרייהייט געקומען?" האָט איינער געפֿרעגט; ער האָט עס געפֿרעגט שטילערהייט, בעת װען אין דער שטאָדט האָבען נאָך געברענט ליכט, און דער טייך אונטער דער בריק איז געװען שװאַרץ.

„זעה, דאָרט שװימט אַ טויטער קערפּער," האָט זיך אָבגערופֿען דער אַנדערער; ער האָט עס געזאָגט שטילערהייט, װייל דער מת איז געװען גאַנץ נאָהענט און האָט אַרויפֿגעקוקט מיט זיין בלייליכען געזיכט.

„עס שװימען איצט אַסך פֿון זיי אויף'ן טייך. זיי שװימען צום ים צו"...

„איך גלויב ניט אין זייער פֿרייהייט. זיי פֿרעהען זיך צו שטאַרק מיט דעם טויט פֿון דעם גאָרנישט."

פֿון דער שטאָדט, װאו עס האָבען נאָך געברענט ליכט, איז אַריבערגעקומען אַ ליאַרם פֿון שטימען, געלעכטער און געזאַנג. דאָרט איז נאָך געװען לוסטיג.

„די מאַכט מוז געטויטעט ווערן,“ האָט געזאָגט דער ער־שטער.

„מען מוז טויטען די שקלאַפען, קיין מאַכט איז ניטאָ, — פאַרהאַן בלויז קנעכט!“

ווידער אַמאָל שווימט אַרויף אַ טויטער קערפּער, נאָך איינער, אַלץ מעהר. ווי גרויס איז זייער צאָהל! פון וואַנען שווימען זיי דאָס אַלע אַהער? אַזוי פּלוצלינג האָבען זיי זיך אַלע אַ לאָז געטהאָן אונטער דער בריק.

„זיי ליעבען דאָך אַלע די פרייהייט?“

„ניין, זיי האָבען נור מורא פאַר דער בייטש! אַז זיי וועלען זיך אויסלערנען ליעב האָבען די פרייהייט, וועלען זיי אויך ווערן פריי...“

„לאָמיר אַיועקגעהן. מיר ווערט ניט גוט, קוקענדיג אויף די מתים.“

זיי האָבען זיך אָבגעקעהרט און זיינען אַוועק. און פּלוצלינג, בעת ווען אין דער שטאָדט האָבען נאָך געברענט די ליכט, און דער טייך איז געווען אַזוי שוואַרץ, ווי פליסיגע סאַזשע, האָבען זיי אין מערב זייט דערזעהן עפּעס אַ שווערע און מרה־שחורה׳־דיגע זאַך, געבוירען פון דער פינסטערניש און דעם ליכט. דאָרט, וואו דער טייך האָט זיך פערלאָרען אין די שוואַרצע ברעגען און וואו טיעפע פינסטערנישען האָבען זיך געוועבט, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען לעבעדיג, האָט זיך אויפגעהויבען עטוואָס אונ־געהייערעס, בלינדעס, אָהן אַ שום געשטאַלט. ס׳האָט זיך אויפ־געהויבען און איז געשטאַנען אונבעווענגליך, און כאָטש עס האָט קיין אויגען ניט געהאַט, האָט עס געזעהן; ס׳איז דוכט זיך, געווען גאָר אָהן אַ געשטאַלט, דאָך וואָלט מען געזאָגט, אַז עס שטרעקט אויס הענד צו דער שטאָדט צו; כאָטש ס׳איז געווען טויט, האָט עס דאָך געלעבט און געאָטהעמט. ס׳איז געווען שוידערליך צו קוקען דערויף.

„דאָס איז אַ נעבעל איבער'ן טייך," האָט געזאָגט דער איינער.

„ניין, דאָס איז אַ וואָלקען," האָט זיך אָבגערופען דער אַנדערער.

ס'איז געווען נעבעל און וואָלקען.
„מיר דוכט, עס זעהט!"
עס האָט געזעהן.
„מיר דוכט, עס הערט!"
עס האָט געהערט.
„ס'קומט אַהער!"

ניין, עס איז געשטאַנען און האָט זיך ניט גערוהרט פון אָרט — אונגעהייער, בלינד, אָהן אַ שום געשטאַלט. דער רויטער ווידער־שיין פון די שטאָדט־ליכט האָט אויפגעגליהט אויף אַ טהייל ערטער אויבען, בעת ווען אונטען האָט זיך דער שוואַרצער טייך פערלאָ־ען אין די שוואַרצע ברעגען, און פינסטערנישען האָבען זיך געוועבט, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען לעבעדיג געווען.

שוואַנקענדיג האָבען געשוואומען טויטע קערפער און זיינען פערשוואונדען אין חושך; אַנדערע זיינען שטילערהייט אַרויף אויף'ן וואַסער, קוים וואָס זיי האָבען זיך געהאַלטען אַ ווייל און זיינען ענדליך פערשוואונדען, — אונצעהליגע שטילע מתים, מיט טרוימען, פונקט אַזוי שוואַרץ און קאַלט ווי דאָס וואַסער, וואָס האָט זיי געטראָגען.

אָבער אין דעם הויכען טהורם, פון וואַנען מען האָט אין דערפריה אַרויסגעפיהרט דעם קעניג, איז דער איין־אויגיגער זייגער־מאַכער געשמאַק געשלאָפען אונטער דעם אומרוה. יענעם טאָג איז ער צופריעדען געווען פון דער רוה, וואָס האָט געהערשט אין טהורם, ער האָט זאָגאַר געזונגען, — דער איין־אויגיגער האָט געזונגען! — און האָט אַרומגעוואַנדערט מיט אַ

פֿרעהליכען געמיטה צווישען די רעדער און די שפּרונדזשינעס, ביז וואַנען ס'איז פֿינסטער געוואָרען. ער האָט אָנגעריהרט די זייל, האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף'ן טרעפּ, געקלאַפּט מיט די פֿיס און געמורמעלט פֿאַר זיך: דעם אומרוה האָט ער בשעת מעשה ניט אָנגעקוקט, מחמת ער האָט זיך געמאַכט, אַזוי ווי ער וואָלט געוועזען בייז אויף איהם. דאַן האָט ער פֿונדעסטוועגען בגנבה אַ קוק געטהאָן צו איהם פֿון דער זייט און האָט אָנגעהויבען לאַכען. פֿרעהליך האָט איהם דער אומרוה געענטפֿערט און האָט זיך אויך צולאַכט. ער האָט זיך אַרומגעוואָרפֿען אַהין און אַהער, האָט געמאַכט העוויות מיט זיין קופּערנעם געזיכט און געשעפּטשעט:

„אַזוי איז עס געוועזען — אַזוי וועט עס זיין, אַזוי איז עס געוועזען — אַזוי וועט עס זיין.“

„נו, נו!“ האָט איהם דער איין־אויגיגער אָנגעטריבען, זיך קאַטשענדיג פֿאַר געלעכטער.

„אַזוי איז עס געוועזען — אַזוי וועט עס זיין.“

אז ס'איז פֿינסטער געוואָרען, האָט זיך דער איין־אויגיגער געלייגט און איז פֿעסט איינגעשלאָפֿען; אָבער דער אומרוה איז ניט געשלאָפֿען, ער האָט זיך די גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד בעוועגט איבער זיין קאָפּ און איהם צוגעטראָגען מערקווירדיגע חלומות. —

ע נ ד ע.